# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Gordin, Jacob.
Der vilder mensh:
lebens-bild in 5 akten,
7 bilder.
Varsha, 1907.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1873.8

**Gordin, Jacob, 1853-1909.**
Der vilder mensh: lebens-bild in 5 akten, 7 bilder.
Varsha : Yavneh, 1907.
54 p.; 22 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland- Warsaw.

ID: NXYH01-B3273 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106051e

Reduction ratio x 10.0.

# דער ווילדער מענש

לעבענס=בילד אין 5 אקטען 7 בילדער.



למך: זי איז מיינע... זי איז מיין כלה. .

(הער אונד פרוי מייערסאהן אלס למך און זעלדע)

**ווארשא 1908.**



פון

יעקב גארדין.



פרייז 25 קאפ.

ישע

עאטער=ביבליאטעק

№. 9.



נאכדרוק

שטרענג פערבאטען.

# דער
# ווילדער מענש

לעבענס-בילד אין 5 אקטען 7 בילדער.

פון

**יעקב גארדין**



**ווארשא**

דרוק נ. סטאראוואלסקי, גענשא 18

תרס"ז

---

**„ДЕРЪ ВИЛДЕРЪ МЕНШЪ“**

Жизненная картина въ 5-ти дѣйствiяхъ

**Я. ГОРДИНА**

*Варшава 1907.*

Типографiя Н. Старовольскаго Гусья 13.

# די פּערזאָנען:

שמואל לייבליך: א אלטער רייכער ווייצהענדלער

זעלדע: זיין 2־טע פרוי

וימאן: גימנאזיסט

אלכסנדר: גלאט א גאר נישט

למך: א אידיאט

ליזא: א האלב ענטוויקעלטע מיידעל

(וימאן, אלכסנדר, למך, ליזא:) זיינע קינדער

וולאדימיר וואראביימשיק: זעלדעס געליעבטער

שפרה: דינסט ביי לייבליך

פייוויל גאלדשטיין: שדכנט זיך צו ליזא'ן

גאסט, גימנאזיסטען, זשוליקעס, פאר א.ז.וו.

די סצענע קומט פאר אין אדעסא

---

## ערשטער אקט.

צימער, רעכטס לינקס טישען, לינקס קאסא־שראנק אויפ'ן קאסא הענגט א קאנטשיק. שפרה.

**שפרה:** (ארום־ווישענדיג די מעבעל) איך פרעג נישט מעהר צו וואס דארף ער עס, זאל איך אזוי וויסען רבונו של עולם פון א שווער טראגען ווי איך קען דאס פערשטעהן מיט מיין ווייבערשען געהירן, אזא אן'אלטער שטורמאק וואס טראגט קוים דעם קאפ אויף די פלייצעס ווערט פלוצלונג משוגע און האט חתונה אויף דער עלטער, א די מאנס־בילען, די כאנסבילען! עס איז פון זיי נישט אויסצוהאלטען. מיט איין פוס שטעהט ער אין קבר און מיט'ן אנדערן קריכט ער צו דער חופה, אז נישט געדאכט זאלט איהר נור ווערען ווער עס האט אייך נאר אויס־געטראכט אויף אונזערע קעפ! (רוימט כסדר) די חופה האבען זיי געשטעלט דארט און וועלען באלד קומען אהער. דא וועט זיך ערשט אנהייבען א נייע חתונה, דאס יונגע ווייבעל וועט זיך אם ירצה השם רייסען מיט'ן אלטען תרח, די קינדער וועלען זיך בייסען מיט דער שטיף־מאמע און איך מיינט איהר וועל שווייגען, איך בין דא אין הויז שוין 14 יאהר איך האב אויך א דעה, אהן א מאראם האב איך אויך דאנקען גאט געוואוסט ווען אויפשטעלען דעם סאמאוואר, פערפיהרען די ראשטשינע און איבערזייפען דאס מעהל, און לאז נאר די נייע בעל־הבית'טע פרייוועז עפענען איהר מויל, וועל איך איהר פערשפייען די אויגען, ווי איך בין א יודישע טאכטער. (מען הערט פון צווייטען צימער גאלדזאכען פאלען) אוי וועה מיר, דער ווילדער האט שוין דארט ווידער עפעס צובראכען עס איז גאר נישט אויסצוהאלטען פון איהם, אט געהט ער שוין דער ווילדער מענש (אויפטריט למך).

**למך:** (לויפט אריין ווי איבערגעשראקען, פארקוקט זיך אויף זיין שטן) פאר וואס איז דאס? אז איך שטעל מיך אזוי איז מיין שטן א גרויסער, שטעל איך מיך דא איז ער א קלענערשקער, ווי באלד איך ווער נישט גרעסער פאר וואס ווערט ער גרעסער, איך מוז עס פרעגען ביי מיין ברודער שמעון (שטויסט זיך אויף שפרה).

**שפרה:** (שטויסט איהם אפ) וואוהין קריכסטו? דו אידיאט! זעהסט

ניט אַז איך האָב ערשט אויפגעראַכט — גאָר שוין צו אַלדע שוואַרצע יאָהר.

**למך:** טפוי זאָלסטו ווערען, אָבער תמיד שרעקסטו מיך איבער. ניט אומזיסט חלומסטו זיך מיר מיט הערנער און מיט אַ ווען עק אַזוי ווי אַ רוח.

**שפרה:** אַז דער רוח זאָל דיר שוין נעהמען פון מײַן קאָפּ, מאַמע זיסער.

**למך:** שפרה, צו וואָס דאַרפסטו מיך שעלטען? האָט דען נאָט מיך וועהניג פאַרשאָלטען? דיר איז גוט, אַז דו זאָגסט אַ נאַרישקײַט לאַכט מען און מיך שלאָגט מען. דיך רופט מען, שפרה זײַט וואָשע מוחל און מיך רופט מען, פּראָסט אידיאָט, און וואָס בין איך שולדיג? האָב איך דען געמאַכט אַז דו זאָלסט זײַן שפרה און איך אידיאָט? אָט פרעג אַפּילו בײַ מײַן ברודער שמעון.

**שפרה:** גאָר פרעג בעסער בײַ דײַן ברודער שמעון, וואָס האָט דער טאַטע דײַנער דער חכם געטהון, דו ווייסט גאָר ניט? דײַן טאַטע האָט דאָך הײַנט חתונה געהאַט און באַלד וועט ער דיר אַרײַנברענגען אַ מתנה אין שטוב אַרײַן, אַ נײַע מאַמע.

**למך:** מיר קען מען ניט ברענגען אַ נײַע מאַמע, מײַן מאַמע איז אויפ'ן הימעל. קײַנער האָט מיך ניט אַזוי ליעב ווי מײַן מאַמע אַפּילו מײַן ברודער שמעון האָט מיך ניט אַזוי ליעב ווי מײַן טהײַערע מאַמע, ווײסט שפרה, איך זעה זי אַלע נאַכט אין חלום, זי זעצט זיך נעבען מיר אַנידער און לעגט אַרויף איהר קאַלטע האַנד אויף מײַן וואַרעמען שטערן און ווישט מיר אָב די שוויים... מיר איז נור גוט ווען איך שלאָף און זעה אַרום זיך ניט אַזעלכע מענשען ווי בײַ טאָג. אַז מײַן מאַמע האָט געלעבט האָט זי מיך אַפּגעהיט, מיט טרעהרען פלעגט זי בעטען ער זאָל מיך ניט שלאָגען. הערסט שפרה, אַמאָל האָט דער טאַטע מיר געוואָלט געבען אַשטאַרקען שמיץ מיט'ן קאַנטשיק האָט זי אונטערגעשטעלט איהר האַנד און אויף איהר דאַרער ווײַסער האַנד איז אַרויס אַזאַ רויטער שטראָם ווי אַגראָבע שטריק (צו-וויינט זיך) אוי מאַמע, מאַמע!

**שפרה:** וואָס האָסטו זיך צורעוועט ווי אַ אָקם, דו אידיאָט?

**למך:** בעסער וואָלט איך אָדער דער טאַטע געשטאָרבען און די מאַמע זאָל לעבען.

**שפרה:** וועסט אויפהערען צו ווײַן, דו ווילדע חיה? אָט נעהם איך דעם קאַנטשיק וועל איך אויסלאָזען צו דיר וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט. — (נעהמע דעם קאנטשיק, למך וויינט) אַלע פינסטערע בײַזע חלומות צו דײַן קאָפּ... (שלאָגט איהם, נאַ, נאַ)!

**למך:** (וויינענד) שלאָגט מיך ניט שפרה, שלאָגט מיך ניט... (זי שלאָגט איהם, אויפטריט זימאַן מיט ביכער, פאַפּיער בלייפעדער).



**זימאַן:** (שטויסט אָב שפרה) וואָס טהוט איהר שפרה, ווייסט איהר דען ניט וואָס פאַר אַ סקאַנדאַלען עס קומען פאַר בײַ אונס מיט'ן פאָטער חײַל ער ערלויבט זיך איהם צו שלאָגען און וואַגט אויך דעם אונגליקליכען צו בעליידיגען (למך גלעט זימאַן).

**שפרה:** איך שלאָג איהם דען ווײַל איך בין איהם חלילה אַשונא? גוואַלד, אַז מען וועט איהם ניט שלאָגען און ניט לערנען וועט ער דאָך אין גאַנצען אַרויס פון די האַלאַבלעס (העננט אויף דעם קאַנטשיק) איהר פערלאָזט אײַך נאָר אויף מיר, איך פערשטעה מעהר פון די וואָס האָבען אײַך געשריבען אָט די ביכלעך אײַערע מיט די יוצרות (אָב).

**זימאַן:** (לעגט אַוועק די ביכער אויפ'ן טיש) ווי איך טרעט נאָר אַריבער די שוועל פון אונזער הויז פאַרגעס איך אַז איך בין יונג אַז איך האָב לוסטיגע און גוטע קאַמעראַדען, איך מײן אַז איך בין אַן אַלטער מאַן בעלעסטיגט מיט זאָרג און קומער, נור ער האַלט מיך אויף אין דיזען טרויעריגען און פינסטערען גרוב.

**למך:** שמעון... איך האָב דיך עפּעס געוואָלט פרעגען... איך האָב שוין פערגעסען, תמיד האָב איך דיך אַזוי פיעל צו פרעגען און פאַרגעס. . אָט ערשט האָב איך געטראַכט . . איך זאָל ניט האָבען אַזאַ אידיאָטישען קאָפּ וואָלט איך אפשר גאָר קײַן אידיאָט ניט געווען... שמעון, האָסט מיר געבראַכט אַשען ביכלע מיט קאַרטינקעלעך?

**זימאַן:** יאָ מײַן ברידער, דאָ האָב איך דיר געבראַכט אַ סך קאַרטינקעלעך זעץ דיך, דאָ האָסטו פּאַפּיער און בלײַפעדער שרײַב און מאָהל פיגורען. איך האָב דיר געבראַכט אַ ביכעלע, דאָס איז אַשענע געשיכטע פון איין אַלטען מיט אַ גאָלדען פישעלע נעהם זעץ דיך און אַז איך וועל פאַרטיג ווערען מיט מײַנע אורא'קען וועל איך דיר לייענען די גאַנצע געשיכטע.

**למך:** (זיצענד ציילט קאַרטינקעס) איינס, צוויי, דרײַ, פיער, פינף, זעקס, זיעבען, דרײַצעהן, צוואַנציג, פערצעהן, דרײַסיג, אוי אַזוי פיעל קאַרטינקעלעך (מאָהלט עפּעס) שמעון און וואָס טהוט דער אַלטער מאַן מיט דעם גילדענעם פישעלע? ער עסט אויף? ער מוטשעט עס? ער צושנײַדט עס אויף שטיקער, אָדער שמײַסט ער עס מיט אַקאַנטשיק דערפאַר וואָס עס קען ניט רײַדען?

**זימאַן:** ניט אַלע מענשען זענען אַזעלכע שלעכטע. דער אַלטער פישער איז געווען אַגוטער, האָט אָבגעלאָזט דאָס גאָלדענע פישעלע צוריק אין ים אַרײַן. זײַן פרוי איז אָבער געווען אַשלעכטע, האָט זי אַלע טאָג געטריבען דעם אַלטען ער זאָל געהן און בעטען בײַ'ן פישעלע נײַע בעלאָהנונגען דאָס פישעלע האָט געגעבען דער אַלטער באָבע פיעל זילבער, גאָלד און האָט זי געמאַכט פאַר אַקעניגין און זי איז אָבער געווען אונצופריעדען. צום ערשטען מאָל ווען דער אַלטער איז געקומען צום ים רופען דאָס פישעלע איז דאָס וואַסער געווען שטיל

די זון האט געשײַנט העל. צום צווײטען מאל איז שוין די זון געווען ניט לויטער, דער ים אונרוהיג. צום דריטען מאל האבען די וועלען געוואלדיגט, די זון האט זיך פערבארגען אין ארונקעלן וואלקען. דאס לעצטע מאל איז געווען שרעקליך פינסטער דער ים האט געשטורמט, די וואסערן האבען געקאכט דער ווינד האט געריסען און געיאמערט, עס האט געדונערט און געבליצט...

**למך:** אוי, אוי. אזא שענע געשיכטע דער ים האט געשטורמט, די וואסערן האבען געקאכט, דער ווינד האט געריסען און געיאמערט, עס האט געדונערט און געבליצט... (שפרינגט ווילד איבער'ן שטוב, אויפטרים אלכסנדר).

**למך:** (מיט זיינע הענד אויף אלכסנדר'ס פנים) עס האט געדונערט און געבליצט...

**אלכסנדר:** הער אויף דו אידיאט, וואס מאכסטו פוילע שטיק (למך דאס זעלבע).

**זימאן:** למך, שטיל! זעץ דיך אויף דײַן ארט, אז דו וועסט זיך נאך אמאל מאכען נאריש וועל איך דיר קײנמאל מעהר קײנע געשיכטען ערצעהלען.

**למך:** נײן, איך וועל מיך שוין קײנמאל ניט מאכען נאריש איך וועל מיך מאכען פאר אזא חכם ווי אלכסנדר חא, חא חא... (לאכט אידיאטיש זעצט זיך נעבען זימאן).

**אלכסנדר:** איך ארבײט שווער ווי א עזעל און פאר וועמען הארעווע איך? פאר'ן רוח! דאס אײנציגע גליק וואס מיר האבען זיך דערלעבט פון אונזער פאטער איז דאס, וואס ער וועט אונז ארײַנברענגען אנײַע מאמאשע אין שטוב ארײַן. אויף אפעקעל טאבאק ושאלע וועט ער געב'ן און חתונה האבען ערלויבט ער זיך. (אויפטרים ליזא פערווײנט) אונזער בת יחיד'קע ליזא האט דאך פאר איהם קײן מורא ניט — וואס שווײַגסט זי? וואס קוקט זי איהם אין די צעהן?

**ליזא:** ווער זאגט אײַך דען אז איך שווײַג, איך ווײן און לאך הײַנט אגאנצען טאג, מזל טוב אײַך קינדער אונזער אלטע טאטע איז געווארען א יונגערמאן, אונזער קארגער פאטער וועלכער האט געזשאלעוועט געלד אויף שיך, איז מיט אײן מאל געווארען מילד און האט זיך געקויפט אײַנגע פרוי, נאָ דאנקען גאט, דעם טאטען האבען מיר שוין פערזארגט, חתונה געמאכט, און וואס וועט זײַן יעצט מיט אונז? איך האב הײַנט אזוי פיעל געווײנט ווי אין דעם טאג ווען אונזער טײַערע מוטער איז געשטארבען.

**למך:** איך געדענק, ווען די מאמע איז געשטארבען זי האט שוין צו געמאכט איהרע גוטע אויגען, זי האט אציטער געטהון און האט ווידער אויפגעעפענט איהרע אויגען און האט געזאגט דעם טא-



טען מיט אשוואך קול „שמואל, האב רחמנות אויף איהם, אויף מײַן אונגליקליך קינד". און זי האט ווידער צוגעמאכט איהרע אויגען און אט אזא גרויסער טרעהר (צײגט) האט זיך אראבגעקאטשעט אויף איהרע בלאסע באקען... שמעון, צו וואס ווערט מען געבוירען און צו וואס שטארבט מען? (אלע ווײנען שטיל).

**ליזא:** אה, אונגליקליכער ברודער! בעסער וואלטען מיר אלע ניט געבוירען געווארען אויף דער וועלט.

**אלכסנדר:** ווײנט ניט קינדער איהר ווײסט? ווען איך זאל נור וועלען קען איך מארגעדיגען טאג קריגען די בעסטע שטעלע ווי איך בין איודיש קינד, די גרעסטע ווײַצהענדלער שטארבען דאך נאך מײַן טריט, אקלײניגקײט נאך אלכסנדר לײַבליך, זאל איך ניט דערלעבען אויף-צו-שטעהן פון דעם ארט אויב איך זאג אײן ווארט ניט אמת, מיר וועט מען געבען טויזענד און צווײ טויזענד רובל א יאהר געהאלט, איך וועל אלעמען נעהמען צו זיך. אדער אז ניט וועל איך גאר חתונה האבען, מיר וועט מען געבען א כלה מיט 10 טויזענד רובל נדן, ווי איך בין א יודיש קינד.

**למך:** אוי באקט אונזער אלכסנדר ליגען אקוראט ווי שפרה באקט קארטאפלעס חא, חא, חא!

**ליזא:** ער האט דען ניט רעכט, ווענינגסטענס הײַנט וואלסטו געדארפט האלטען דײַן צונג, עס איז אזא צײַט וואס מיר דארפען ערנסט דענקען וואס מיר האבען צו טהון, ווײסטו דען ניט, אז אײדער דו וועסט קריגען א שטעלע מיט צווײ טויזענד רובל א יאהר געהאלט וועט בײַ אונז אלע די נשמה ארויס.

**זימאן:** א ליזא, געדענקסטו וויפיעל מאל איך האב דיר געזאגט, לערן! איך און מײַנע קאמעראדען האבען דיר מיט פערגניגען געוואלט לעקציאנען געבען, און וואס וועט יעצט פון דיר זײַן?

**ליזא:** לעקציאנען! מײנסט עס איז אזוי אנגענעהם ארײַנצוגראבען די נאז אין די ביכלעך ווען עס שטעהן שענע טעג פאר, ווען עס גלוסט זיך שפאצירען לויפען, אדער ליגען אויפ'ן דיוואן און לײענען א שרעקליכען ראמאן, נישקשה, דער רוח וועט מיך ניט נעהמען—יא, איהר ווײסט, ווען איך זאל נור וועלען חתונה האבען האב איך שוין א חתן, יא יא איך מײן עס גאנץ ערנסט, לעז וואס מיר שרײַבט מאסיע פײַוועל גאלדשטײן (רייכט זימאנ'ן א בריעף).

**אלכסנדר:** אזא מין גולם און קריכט אויך חתונה האבען.

**למך:** (לאכט) און איך איהם ליעב, ער איז אגוטער מענש איך גיעב נור אקוק א מענשען אין די אויגען זעה איך בײַ וועמען אין הארצען עס איז א גוטער מלאך און בײַ וועמען א גוטער רוח.

**זימאן:** (לעזט) — „פרײַלײן ליזא יעצט ווען עס ווירד אײַך

געוויס ניט אנגענעהם זיין צו פערבלייבען אין אייער פאטערס הויז ערלויב איך מיר נאך איין מאל צו ביטען אייער האנד, דער איינציגער ציעל פון מיין לעבען ווירד זיין נור אייך גליקליך צו מאכען. פייוועל גאלדשטיין.

**ליזא:** חא חא חא! א שענער נאמען פייוועל און מיך וועט מען רופען פייוועליכע.

**זימאן:** פייוועל איז אין רוסישען פאוועל, א גאנץ שענער נאמען, לאכען איז ניט דא פון וואס ער איז א ארדענטליכער ארבייטער און א אינטיליגענטער מענש.

**ליזא:** א גרויס גליק צו זיין א ארבייטער'ס א ווייב, איך געדענק נור אז ער איז געווען ביי אונז א משרת און דער פאטער פלעגט איהם געבען פעטש חא חא חא (למך לאכט אידיאטיש).

**זימאן:** דאס איז א שאנדע פאר אונזער פאטער אבער ניט פאר איהם.

**ליזא:** ער איז ניט קיין שענער און איז געוויס מעהר אלט ווי דרייסיג יאהר.

**למך:** אז אונזער טאטע האט חתונה פאר וואס זאל ער ניט חתונה האבען.

**ליזא:** און איך שווער אייך אז ער האט מיך ליעב דערפאר וויל ער מיינט אז איך בין ארייכע כלה.

**זימאן:** איך ווייס אז ער איז א ארדענטליכער מענש.

**ליזא:** וואס זארגסט איהר זיך פאר מיך? פארגעסט ניט אז איך בין פארט א בת יחידקע ביי מיין פאטער וועלכער איז אנגעשטאפט מיט געלד, און מיט דער נייער מאמאשא וועל איך שוין לערנען בלק, איהר וועט זעהן, א שטיף-מאמע איז א מצוה צו לערנען דרך ארץ דער טאטע וועט איהר האדעווען מיט קאנדעל-צוקער און איך וועל איהר טראקטירען מיט טערקישען פעפער (שפרה דערנאך וולאדימיר).

**שפרה:** עפעס איינער מיט א רויט מיצעל פרעגט זיך אהער.

**ליזא:** וואס איז דאס פאר א שלאק? לאזט איהם אריין (למך בעהאלט זיך).

**וולאדימיר:** (האלב שיכור) אגוטען אבענד מיינע לייבליכע מחותנים! מזל טוב אייך! אייער טאטע קען עין הרע זאל איהם ניט שא- טען האט שוין חתונה געהאט. ערלויבט מיר זיך פארצושטעלען איך בין דער בעריהמטער וולאדימיר וואראבייטשיק אויף פראסט יודיש פערציהט מען מיך: „וועלוועלע גנב" איך בין א רומענישער טערק און פיהר דא אין אדעסא גאנץ גרויסע, שרעקליך גרויסע געשעפטען. פערשטעהט איהר



מיך, איך בין אייער שטיף-מוטערס, א גליער שוועסטערקינד, א חוץ דעם בין איך איהר בעסטער גרעסטער ליעבסטער טהייערסטער גוטער פריינד, א איהר דארפט אייך מיט מיר ניט שעמען איך בין א מענש...

**שפרה:** (שלאגט איהם איבער) אזא יאהר אויף דיין באבען.

**וולאדימיר:** איך בין א מענש קאטארי ביי מיר איז אלעס הפקר פעטרושקא און איהר זעהט אט דאס א (הויבט אויף זיין טשעמאדאן) דאס האב איך אליין געבראכט צוטראגען אויף מיינע פלייצעס, אין גאנצען אייער מאמעס גוטס, איהרע קליידער איהר פערמעגען, איהר הכל בכל כל.

**ליזא:** און וואס פערלאנגט איהר אונזער גליטשיקער מחותן, הערר וולאדימאר וואראבייטשיק?

**למך:** חא חא חא! א נאמען האט ער פון א פייגעלע וואראבייטשיק און שיכור איז ער ווי א חזיר!

**וולאדימיר:** איך מיין אז עס איז בעסער צו זיין א פייגעלע און טרינקען ווי א חזיר איידער צו זיין א חזיר און טרינקען ווי א פיי- געלע. פערשטעהט איהר מיך, ביי מיר איז אלעס הפקר פעטרושקא. אלזא הערט אויס. מיין מחותן און אייער טאטע ר׳ שמואל האט מיך געשיקט פאר א קורייער איך זאל אייך מתרה ומודיע זיין: ערשטענס איהר זאלט אייך אלע אנטהון שבת'דיג, יום-טוב'דיג, ווארום ער קומט באלד אהער מיט זיין יונגער מאדאמעשי, פערשטעהט איהר מיך מיר האבען דארט געמאכט אקנאק און ר׳ שמואל פיהלט זיך גאנץ גוט אויפ'ן הארצען, איהר וועט אנקוקען אווייבעלע... צווייטענס האט ער געהייסען איהר זאלט אייער ניט געראטענעם זוהן... ווער איז דא דער ניט געראטענער זוהן?..

**למך:** איך בין דער ניט געראטענער.

**וולאדימיר:** זאלט איהר איהם אויסצוואגען און אנטהון דעם נייעם זשאקעט. דריטענס האט ער געזאגט אז די מומע העניע... פעניע... שפ... יא שפרה, די מומע שפרה זאל צוהאקען אצעהנדליג הערינג, און מכח משקה וועל איך שוין בעזארגען.

**שפרה:** הערינג וועל איך מיך באלד שטעלען האקען? איך זאג אייך אז גיכער וועלען אלע אייערע מחותנים ליגען אין געהאקטע וואונדען.

**וולאדימיר:** ווסיא ראוונא, האקט הערינג, האקט די מחותנים, האקט געהאקטע וואונדען, ביי מיר איז אלעס הפקר פעטרושקא, קורץ. איך גע קריגען גוטען יין שרף און אייער מאדאם גוטס לאז איך דא איבער, זעהט עס זאל חלילה גאר ניט פעהלען; דא ליגען איהרע 4 כתובות, צוויי גטין און איין פיינער קאלבער. אלזא צום ווידערשפעניגען

פראשצאיטע! מומע שפרה, האט הערינג האקט מחותנים, הפקר פעטרושקא (אב).

**ליזא:** נא שפרה, ווי געפעלט אייך אונזער נייער פראנטעל הער וולאדימאר וואראבייטשיק אדער אויף פראסט יודיש וועלוועלע גנב? מיר געפעלט זעהר אזא מחותן.

**שפרה:** (הויבט אויף דעם טשעכאדאן) ווי געפעלט אייך בעסער אונזער נייער מאדאם׳ס גארדעראבע. פון דעסטוועגען דארף מען זיך אנגרייטען... און דו ליזא טהו זיך אן — אוי וועה מיר, מען דארף לויפען אין קיך אריין, דער נייער מחותן זאל עפעס דארט ניט צו לארחענען. (אב)

**ליזא:** באלד וועל איך מיר אנטהון צוליעב דער נייער מאמעשיו, איך זאג אייך עס איז הפקר פעטרושקא ווי אונזער גליטשיגער מחותן זאגט.

**זימאן:** איך ראטה דיר ליזא, דו זאלסט בעסער אוועקגעהן דו וועסט גאר ניט זנווערען ווען דו וועסט דיך שפעטער בעקאנען מיט אונזער נייע מאמעשיו.

**ליזא:** וואס? איך זאל פאר איהר אנטלויפען? ניט דערהארען זאל זי. דיך למך וועל איך יא אנטהון, מען זאל פון דיר ניט לאכען.

**אלכסנדר:** אז מיר וועלען זיך אלע האלטען איין האנד, וועט זי ניט וואגען אפילו אפיפס צו טהון, נור דער טאטע וועט וויסען אז ער האט א ווייב מיר וועלען איהר אפילו ניט בעמערקען. איהר וועט זעהן פערלאזט אייך נור אויף מיר ווי איך בין א יודיש קינד.

**זימאן:** (אויסטהוענדיג זיין אוניפארם, טהוט אן אקורץ רעקעל למך העלפט איהם) וואס דארפען מיר זיך שוין זארגען, אפשר איז דער טייוועל גאר ניט אזוי שרעקליך ווי מען מאלט איהם (לעגט זיך אויפ׳ן דיוואן. זימאן, אלכסנדר זינגען א דועט, למך בעשפייט זימאנס אוניפארם און פוצט איהם, ליזא ברענגט אריין פון צווייטען צימער א שווארצען ראק, זשילעט, האלז־טוך ציהט אן למד׳ן).

**למך:** זינגט נאך, נאך, אז מען זינגט פערגעס איך אז איך בין ניט אזא מענש ווי אלע יודען איך פערגעס אינ׳ם טאטענס קאנטשיג, און שפרה׳ס פעטש און איך מיין אז איך בין אזא אידיאט ווי אלע מענשען. ווייסט שמעון, ביי נאכט חלומט זיך מיר אז מלאכים זינגען און איך פליה אין דער לופטען ווי א פויגעל (קוקט אויף זיך) ווען איך זאל אבער תמיד גהן אזוי אנגעטהון וואלטען די יונגלעך און די שקצים מיר ניט נאך געלאפען און געווארפען מיט שטיינער (מען הערט געזאנג) אוי, איך הער מען געהט, אזוי פיעל מענשען (אויפטריט שפרה).

**שפרה:** (קוקט אין טהיר) יועה איז מיר אגאנצע מחנה שבורים און דאס יונגע פאר פאלק — קארג בזיונות, זיי דארפען נאך געהן



איבער דער גאס מיט געזאנג (אויפטריט וולאדימיר, שמואל, זעלדע נאך זינגענדיג).

**וולאדימיר:** מזל טוב! מזל טוב! דערלאנגט די גילדענע יויך און די געהאקטע הערינג.

**שמואל:** מזל טוב אייך קינדער! איך קען אייך פארשטעלען מיינע יונגע פרוי — זעלדעטשקע, דאס זענען מיינע קינדער, דאס איז מיין געבאלעווטע בת יחידקע, דאס איז מיין גימנאזיסט, איהר זאלט הערען ווי ער לעזט לאטיין גאר ווי וואסער.

**וולאדימיר:** לאטיין איז זעהר אגרינגע שפראך, מען דארף נאר צו יעדען ווארט צושטיקעווען א „נוס". איהר ווילט צום ביישפיל זאגען: „אנאר חאטש אין קוימען אשאר" קומט אויס אין לאטיין: „נארוס קוימענוס שפארוס" (למך לאכט אידיאטיש).

**שמואל:** נא זעצט אייך מיינע טהייערע געסט (ברענגט אריין שטיהל, צו די קינדער) וואס איז מיט אייך? איהר זעהט ניט אז מענשען זענען געקומען, איהר הערט ניט וואס איך רעד צו אייך? איהר פערשטעהט ניט אז ביי אייער פאטער איז היינט אפרעהליכער און אגליקליכער טאג? (וולאדימיר טיילט בראנפען דעם עולם).

**ליזא:** ביי דיר איז היינט אפרעהליכער טאג און ביי אונז אטרויעריגער, מיר האבען היינט אלע יאהרצייט נאך אונזער מאמען.

**שמואל:** שטיל! וואו איז דיין שכל? וואס האסטו זיך דערמאנט גראד אין דער מינוט.

**זעלדע:** וואס דארפט איהר זיך יעצט ערגערן — איהר וועט זעהן מיר וועלען לעבען ווי 2 לייבליכע שוועסטער, איך האב אשטיפ-לען, ערעלען און גאלדענער חאראקטער, קריגען זיך האב איך פיינד, איך שטארב.

**וולאדימיר:** געוויס פון איהר גילדענעם חאראקטער קען מען אפילו ניט מאכען אגילדענעם קרוין צו דער תורה, ווסיא טאקי האט זי אחאראקטער!.. (למך לאכט).

**שפרה:** ווי אזוי נעהמט דאס טאקי איור פון 60 יאהר און האט חתונה אין מיטען דרינען. מען קומט נאך אהיים מיט שיכור׳ע לצים, אז ער שעמט זיך ניט פאר זיינע קינדער וואלט ער חאטש געדארפט זיך שעמען פאר די שכנים.

**שמואל:** וואס דארפט איהר דא, אריין אין קיך אריין וואס איז היינט ביי מיר אין הויז? גיעט אהער בראנפען, פערבייסען (שפרה אב).

**וולאדימיר:** משקה איז דא און פערבייסען האט מען אונז געהייסען מיט א פור פון הפטורה.

**שמואל:** וואָס? מען הערט מיך ניט? מען וויל מיר פאַרשטערען מיין שמחה, מען פאַרגינט ניט דעם טאַטען, נאָט איך נעלר ברענגט אצעהנדליג, 2 צעהנדלינג הערינג, ברענגט נאָך (גיעט וולאַדימיר'ן געלד ער שיקט איינעם אַב) איך זאָל מיך שעמען? פאַר וועמען פאַר מיינע קינדער וועלכע דענקען פון מיר פטור צו ווערען כּדי זיי זאָלען קענען יַרשה'נען מיין פאַרמעגען, איך זאָל מיך שעמען דער פאַר וואָס איך וויל זיין אַ יוד ווי אַלע יודען און לעבען מיט מיין ווייב ווי גאָט האָט געבאָטען, איך זאָל מיך שעמען פאַר מיינע שכנים די בערקוטען וואָס איך קען 20 מאָהל קויפען און פערקויפען מיט אַלע זייערע פעטרינעס? ביי מיר איז היינט יו"ט, יו"ט איז היינט ביי מיר! אויפ'ן טיש די זילבערנע לייכטער די זילבערנע טעלער! (נעהמט ארויס פון קאַסטע זילבערנע לייכטער בעכער, טאָן שטעלט אויפ'ן טיש) יום טוב איז היינט ביי שמואל לייבליך, וואָס איז, אַז מען האָט קינדער דאַרף מען שוין גאָר ניט לעבען אויף דער וועלט געהט אין אייער צימער אריין פאַרשטערט מיר ניט מיין שמחה מיט אייערע זויערע פנים'ער.

**ליזא:** איך וויל ניט און קען ניט שטערען דיין שמחה, זיי לוסטיג פריי זיך מיט דיין גליק וואָס דו האָסט געפונען, אָבער מיין ניט אַז דו קענסט אונז צווינגען צו פערגעסען די וועלכע האָט אונז געבאָרען און ערצויגען, וועלכע דו האָסט אַזוי גראָב בעהאַנדעלט ווי איהרע קינדער און וועלכע איז דורך דיר פאַר דער צייט פון דער וועלט געגאַנגען, קיין מאַכט אין דער וועלט איז אימשטאַנדע הערויס צורייסען די ליעבע וועלכע קינדער טראָגען אין זייערע הערצער צו זייער מוטער. אַ ווייב קען מען גיך פערגעסען אָבער אַ מוטער פאַרגעסט מען ניעמאַלס, ניעמאַלס. (אַב)

**זימאָן:** קינדער זענען ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס וואָס זייערע עלטערן טהון, אָבער עלטערן זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס וואָס זייערע קינדער זענען געצוואונגען צו טהון. פאַר גאָט און פאַר לייטען וועט איהר אויף אַלס מוזען אַנטוואָרט געבען וואָס פון דעם בענעהמען אייערען וועט ברענגען אייערע קינדער צו טהון (וויינענד אַב)

**שמואל:** זעהר שען נו רעדט אַלע. (צו אלכּסנדר) וואָס פאַר אַ דרשה געשאַנק האָסט דו צו געגרייט דעם טאַטען? רעד, היינט איז אייער צייט, היינט האָט איהר אַ גוט געלעגענהייט דעם טאַטען צו ערנידעריגען, רעדט! איך וועל אייך לערנען שווייגען אַנ'אַנדערמאָל.

**אלכּסנדר:** ווער, איך? וואָס זאָל איך רעדען? איך שווייג, וואָס האַרט עס מיך וואָס דער טאַטע האָט חתונה געהאַט אַז איך וועל זיין אַ טאַטע וועל איך אויך טהון וואָס איך וועל וועלען.

**זעלדע:** איך זעה איהר זייט אַנ'אָרענטליך קינד, אָט האָט איהר מיין האַנד אַז איך וועל אייך ליעב האָבען ווי אייגענעם זוהן.



**וולאַדימיר:** יונגערמאַן! אָט דאָ האָסטו מיינע ביירע הענד און איך מיט דיר וועלען לעבען ווי אַנדערע צוויי, קום אַהער ברודער קנאַק אריין. (טרינקען)

**זעלדע:** נו, און דער איז אייער נאַרעלע נעבעך? איהר ווייסט, ער וואָלט געווען אַ שענער מאַן ער זאָל ניט האָבען דעם אומגליק אויף זיך. — ווי רופט מען דיך? נעבעך.

**למך:** איך בין ניט קיין נעבעך און ווי מען רופט מיך איז ניט אייער עסק.

**שמואל:** שטיל דו אידיאָט! ווייס אַז דאָס איז דיין מאַמע און אַז דו וועסט איהר ניט אָפּגעבען כּבוד ווי מען דאַרף וועל איך דיר לערנען... דו ווייסט ווי אַזוי איך לערן דיך.

**למך:** זי קען אַזוי זיין אַ מאַמע ווי איך קען זיין אַ טאַטע (זעלדע לאַכט).

**שמואל:** דו אידיאָט וועסט נאָך אַ סך ריידען?! וואו איז דער קאַנטשיק (וויל איהם שלאָגען).

**זעלדע:** לאָזט איהם צורוה מיט איהם וועל איך נעווים זיין גוט פריינד. קום אַהער למך, זעץ דיך ביים טיש (זעצען זיך).

**שמואל:** טרינקט יודען לחיים, לחיים!

**וולאַדימיר:** לחיים מחותן, גאָט זאָל העלפען איהר זאָלט דערלעבען מיט אייער אַלטעטשקע אַזוי פיעל שבטים ווי פיעל אונזער פאָטער יעקב האָט געהאַט מיט זיינע 4 אמהות שרה, רבקה, רחל ולאה (טרינקט).

**שמואל:** נו זעלדעטשקע נעהם אויך אַביסעל (טראָגט צו אַגלעזעל בראָנפען).

**זעלדע:** יאָ, יאָ, גיעט למך'ן אויך אַביסעל (רוקט איהם צו איהר גלעזעל) אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ שטיקעל לעקעך (גיעט איהם).

**למך:** אוי, אוי, נעהמט אַראָב די האַנד, איך בעט אייך נעהמט אַראָב די האַנד.

**שמואל:** נעהם, נעהם למך היינט מעגסטו אויך טרינקען. נו יודען טרינקט, זייט פרעהליך לאָזען אַלע שכנים הערען ווי מען הוליעט ביי שמואל לייבליך לאָז די גאַנצע וועלט וויסען אַז שמואל לייבליך האָט מיט מזל חתונה געהאַט.

**וולאַדימיר:** יאָ, זינגט און לאָז די גאַנצע וועלט וויסען אַז ביי אונז הפקר פעטרושקאַ.

**זעלדע:** וועסט מיך ליעב האָבען למך?

**למך:** אוי, אוי, טשעפּעט מיך ניט איך האָב מורא פאַר אייך.

**שמואל:** וואָס מיינט איהר לייבליך קען ניט בעצאָהלען מען זאָל איהם ברענגען אַהער טאַקע אמתע כּלי זמר און מען זאָל שפּיעלען

א יודישע חתונה מיט א שלייער וואַ־יעס, א וויוואט א כשר־טענציל אזוי געזונד, מיט ארומפעל. לייבליך מעג זיך פערגינען. איהר ווייסט וויפיעל לייבליך פערמאגט? לייבליך האט דא אין דער אלטער קאסע פערבונדען אין א ווייבערישען זאק... (אלע שטעלען אוים די אויערען) עהה אזוי ניך מיינט איהר וועל איך מגלה זיין דעם סוד וועלכען ניט מיין ערשטע פרוי ניט מיינע קינדער, ניט קיינער אין דער וועלט האט עס געוואוסט, אהה איך בין נאך ניט אזוי שיכור איך זאל עס אייך זאגען, אבער עס איז דא מיט וואס צו בעצאהלען, כלי זמר ברענגט אהער יודישע כלי זמר ברענגט אגאנצען עמער בעסאראביער וויין (גיעט געלט) מיין זעלדעטשקע האט די ווערטה איך זאל אויף איהר פערשיכור'ן א גאנץ צעהנעריל.

זעלדע: (צו למך) וואס האסטו מורא פאר מיר נארעלע (לעגט ארויף איהרע הענד אויף זיין פנים).

למך: אוי, אוי, נעהמט אראפ די האנד, איהר ריהרט מיך אן הייבט מיך אן אין האלז צו קיצלען, צו ווארגען, צו שטיקען, לאזט מיך, איך וועל געהען פרעגען ביי מיין ברודער שמעון (זי וויל איהם צוריקהאלטען) ניין לאזט מיך שמעון, שמעון. (אב)

שמואל: ווייס איך, לאז איהם געהן. קום בעסער אהער עפעס טרינקען (אויפטריט כלי זמר).

וולאדימיר: א מזל טוב, דער וויין און די כלי־זמר זענען געקומען.

פארהאנג פאלט.

## צווייטער אקט.

דאס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אקט אויפ'ן שאנק 2 שאכטלען מיט היט. שפרה.

שפרה: (רעדט אריין אין טהיר ליגקס) עס געפעלט אייך ניט איז מיר אנ'עק פון די חאליעוועס, איהר קענט מאכען בעסערע פיראזשקעס, נעהמט מען און מען געהט אין קיך אריין און מען פערקאטשעט די ארבעל... פשש... אבריה... אז איך בין געוועזן יונגער בין איך אויך געוועזן אבריה פרעגט אייער מאן ער האט מיך געקענט ווען איך בין געוועזן אביסעל יונגער — אגאנצע מאדאם געווארען, שלים מזל. אין דער היים האט זי געשמייכעלט צו א שטיקעל בולקע און דא גיעב איהר נור בלינצעס מיט הויזענבלאזען (ליזא, זעלדע קריעגען זיך הינטער די קוליסען).

ליזא: (אריינקומענדיג) חא חא חא, א קלייניגקייט שרעק נור ניט איבער די גענז.

זעלדע: און ווען אפילו דו וועסט צוריסען ווערען לאזענדיג



וועט עס אויך מיך ניט ארען איך בין ביי'ם טאטען טהייערער ווי דו!

ליזא: אזוי? און איך מיין אז מיר זענען ביי איהם איין פרייז צפאאר פאר א פיאטאק.

זעלדע: אזוי, נו זעה זשע וואס פאר אהוט ער האט מיר געקויפט (נעהמט ארוים פון שאכטלען היט).

ליזא: אט די חסידישע יארמעלקע פאר מיר, און דער שיינער הוט איז פאר אייך... יא געוויס, איהר זענט דאך אנדערש ניט געוואהנט געווארען ביי אייער טאטען.

זעלדע: און דו ביסט ביי דיין טאטען יא געוואהנט געווארען און וועסט פארט מוזען טראגען אט די יארמעלקע.

ליזא: פאר אנ'אלטע יודענע פאסט טאקי א העלע הוט מיט רויטע בלומען.

זעלדע: איך בין אזוי אלט ווי דו, איך בין אלט 24 יאהר.

ליזא: הערט שפרה (זי און שפרה לאכען ביידע שטארק) אזוי פיעל מכות מיינע שונאים וויפיעל מעהר איהר זענט אלט פון 30 יאהר.

זעלדע: פאר יעדעס יאהר וואס איך בין מעהר אלט פון 30 יאהר זאל איך האבען...

ליזא: אמן רבונו של עולם! שפרה, קומט אהער איך שענק אייך מיין הוט (לעגט אויף איהר קאפ).

שפרה: (לאכט) וואס דען? איך וועל אנטהון א שליאפע וועל איך ווערען א פארשוין און וועל נעהמען א יונגען מאן.

ליזא: קומט מאדאם שפרה, אויפ'ן בולוואר שפאציערען, אפשר וועלען מיר דארט בעגעגענען אונזער גליד געשוועסטער קינד הער וולאדימיר וואראבייטשיק, איך זאג אייך מאדאם אז מיר וועלען איהם בעגעגענען וועט זיין הפקר פעטרושקא, חא חא חא (געארמט מיט שפרה אב).

זעלדע: אי וואו נעהם איך איהם יעצט, איך וואלט איהם צעררייסען ווי א הערינג — א ער געהט (זעצט זיך אויפ'ן דיוואן ווייגט, אויפטריט שמואל מיט א רויט טיכעל מיט פייגען און קישמיש).

שמואל: קעצעלע ביסט אליין דא? איך האב דא געקויפט פייגען און קישמיש, וואס ווייגסטו?

זעלדע: וואס איך וויין? מען דארף זיין א אייזערנער מען זאל פון אייך קענען אויסהאלטען. די קעכין האט מיר ערשט געמאכט מיט דער בלאטע צו גלייך און די בת יחידקע האט מיך מכבד געוועזן מיט מכות מיט שלעק. וואס ווילט איהר פון מיין לעבען. וואס האט איהר זיך אלע גענומען אויף מיין לעבען?

שמואל: נא שא שא וויין ניט מיין קעצעלע, איך וועל מיך שוין מיט זיי אברעכנען, האב דו נאר מיך ליעב און דאן דארף איך זיי אלע אויף כפרות — נא קעצעלע פאדער פון מיר וואס דו ווילסט, פאר

דיר און נור פֿאַר דיר איז אָפֿען מײַן קאַסאַ גראַדע ווי מײַן האַרץ.

**זעלדע:** יאָ אָפֿען, איך ווייס נאָך אפילו ניט וויפֿיעל מײַן מאַן פֿערמאָגט.

**שמואל:** ווילסט וויסען? פֿאַר דיר האָב איך קיינע סודות. אָט וועל איך דיר ווײַזען (נעהמט ארויס פֿון קאַסאַ איינגעוויקעלט אין אַ העמד אַ שקאַטולקע אויך אַ אָנגעשטאָפּטען זאַק) זעהסטו אָט דאָס איז ביז איצט געוועזען מײַן פֿאַרמעגען, מײַן גליק. 40 יאָהר האָב איך עס געזאַמעלט גראָשען־ווײַז, הײַנט ביסטו מײַן גליק, מײַן נחת, דו ביסט בײַ מיר טהײַערער פֿון די אַלע טויזענדער וואָס ליגען דאָ אָ, אוי קעצעלע דו ווייסט גאָר ניט ווי איך האָב דיך ליעב.

**זעלדע:** (ציינגט אויף די שקאַטולקע) און וואָס איז דאָס?

**שמואל:** דאָס איז מײַן ערשטע ווײַבס צירונג.

**זעלדע:** נאָ וואָס זשע דאַרף זיך עס וואַלגערן, שענק עס מיר.

**שמואל:** דו ביסט דאָך אַ קלוגעטשקע, פֿערשטעהסט דאָך אַז עס פּאַסט ניט. איך וויל דיר בעסער קויפֿען בעסערס אַנדערס.

**זעלדע:** יאָ עס פּאַסט ניט, איך פֿערשטעה שוין וואָס פֿאַר אַ מיינונג איהר האָט וועגען מיר, איך ווייס גאָר ניט פֿאַר וואָס זאָל איך אײַך ליעב האָבען. (וויינט)

**שמואל:** נאָ שאַ, שאַ, וויין ניט קעצעלע. נאַ טראָג עס געזונדערהייט, אָט האָסטו אַ קייט — אַ בראָש, פֿינגערלעך.

**זעלדע:** (טהוט עס אָן) אוי ווי שען! אַלע ווײַבער וועלען ארויס קריכען די אויגען אויף מיר קוקענדיג — אוי מײַן טהײַערער מאַן, מײַן גוטיטשקער מאַנדעלע.

**שמואל:** נאָ קעצעלע ביסטו צופֿרידען (גיט איהר די פּייגען) נאַ נעהם עס און קוש מיר (זייי עסען).

**זעלדע:** וואָס איז דאָס פֿײַגען?! נאָ נאַ דיר אַ פֿײַגעלע אונטערן נעזעלע.

**שמואל:** אוי דו שטיפֿערין (קושט איהר) אַז דו וואָלסט געוועזען אַגוטעטשקע וואָלסטו מיר געזונגען דאָס ליעדעלע וואָס דו פֿלעגסט מיר זינגען ווען איך האָב מיך צו דיר געשדכנ'ט, אוי דאָס ליעדעל פֿלעגט מיך משוגע מאַכען.

**זעלדע:** און אַז איך וועל זינגען וועט מײַן מאַנדעלע געהן מיט מיר אין די מאַגאַזינעס?

**שמואל:** יאָ, וואָס דו וועסט וועלען וועל איך דיר אַלסדינג קויפֿען נור האָב מיך ליעב.

**זעלדע:** אויב אַזוי זינג איך שוין



## I.

אָ דו שענער יונגער מאַן
קום צו מיר אין סאָד אַרײַן
דאָרט וועל איך דיר עפּעס זאָגען
וואָס עס וועט דײַן שמערץ פֿערטראָגען.
האָפּ מײַנע שיכעלעך, האָפּ מײַנע קלײַנע
האָפּ מײַנע פּיסעלעך, האָפּ אָט די שענע (אויפֿטריט למך).

## II.

צו מײַן האַרץ וועל איך דיר דריקען
אין מײַנען אָרם דיך ערשטיקען
און מיר בלײַבען דאָרט אַלײַן
ביז די זון וועט אַרויס געהן
האָפּ מײַנע שיכעלעך א. ז. וו. (טאַנצט)

**למך:** (ציהט זיך אויס אין גאַנצען אויף דער ערד) נאָך, טאַנץ נאָך, טאַטע זאָג איהר זי זאָל טאַנצען נאָך, איך וויל נאָך. (שמואל מיט זעלדען ערשרעקען, שפּרינגען אויף פֿון זייערע פּלעצער).

**שמואל:** דער אידיאָט איז די לעצטע צײַט גאָר משוגע געוואָרען, עס געהט ניט אַוועק אַטאָג ער זאָל מיך ניט איבערשרעקען, ווי איך וויל נאָר מיט דיר אַביסעל פֿערברענגען איז ער שוין דאָ. אין קיך אַרײַן דו אידיאָט! איך האָב דיר טויזענד מאָל געזאָגט זאָלסט זיצען אין קיך (וויל איהם שמייסען).

**זעלדע:** ניין, ניין, שלאָגט איהם ניט (גלעט איהם) געה למך אין קיך...

**למך:** אוי, אוי... טשעפּעט מיך ניט ריהרט מיך ניט אָן, אַז איהר ריהרט מיך אָן ווערט מיר הייס און קאַלט, די אויגען ווערען פֿינסטער און דער קאָפּ טהוט מיר וועה...

**שמואל:** דו מיינסט ער ווייס וואָס ער רעדט. דאָס האָבען זיי איהם אויסגעלערנט ער זאָל דיך האַסען.

**למך:** אָט דאָ האָט זי געטאַנצט, אַזוי ווי אַרוח, אַ שד אַזוי ווי דער יצר הרע טאַנצט.

**שמואל:** וועסטו ניט אויפֿהערען צו פּלאַפּלען (זי לאָזט איהם ניט שלאָגען).

**למך:** אין חלום קומט זי צו מיר אַלע נאַכט, זי שרעקט מיך זי שטיקט מיך, זי ציינדעט מיך אָן און איך ברען, זי וואַרפֿט מיך אַרײַן אין אַטײַך וואָס עס פּלאַקערט און פֿלאַמט ווי אַ אָנגעצונדענער ים מיט קעראָסין.

**שמואל:** (נעהמט דעם קאַנטשיק שמייסט איהם) מען טאָר ניט פּלאַפּלען, מען טאָר ניט... (אויפֿטריט וולאדימיר).

**וולאדימיר:** בראוואָ בראוואָ! אַז מען שמייסט ניט פאָהרט מען ניט. — מחותן, האָט אייך אַשיינעם און אַברייטען גוט מאָרגען! מאַ-דאַם, מאָיע פּאָטשטעניע! למך, דיר האָב איך געבראַכט קאַרטינקעס, נאַ שפּיעל דיך (וואַרפט איהם צו קאָרטען) מחותן זייט וויסען אַז איך בין געקומען איבערנעהמען די שטעלע וואָס איהר האָט פאַר מיר.

**שמואל:** שפּעטער, שפּעטער, איך דאַרף מיך נאָך מיישב זיין.

**זעלדע:** האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אויף אלכסנדר'ן קען מען זיך ניט פערלאָזען... אָ, איך ווייס שוין ווייל ער איז מיינס אַפריינ-ט'ל ווילסטו ניט!

**שמואל:** איז ער טאַקי דיינ'ס אַפריינט'ל? — עפּעס מיר גלויבט זיך עס ניט.

**וולאדימיר:** וואָס רעדט איהר מחותן? ווער ווייסט דאָס ניט אַז מיין באָבע עליה השלום און איהר זיידע ליגען אין דער ערד ביידע, און אויסער דעם פאַרגעסט ניט אַז איך שטעה ביי דער וואָג, מוז פון 50 פוד תבואה ווערען 40, דעם מוזשיק זאָללען אפילו אַרויס די אויגען קוקענדיג, איך בין אַמענש קאַטאָרי ביי מיר איז הפקר פּעטרושקאַ.

**שמואל:** גוט, גוט, מיר וועלען זיך איבערלעגען, מיר וועלען זעהן.

**זעלדע:** יאָ, שטענדיג ווילט איהר נור אַז דער אַנדערער זאָל אייך צו ליעב טהון, איהר וועט אָבער קיינמאָהל ניט צו ליעב טהון וואָס מען בעט פון אייך, אוי ס'איז מיר שלעכט.

**שמואל:** וועה מיר זעלדעטשקע וואָס איז דיר?!

**זעלדע:** וואַסער, וואַסער!

**שמואל:** אָט געה איך שוין ברענגען וואַסער (אָב).

**וולאדימיר:** האַ חאַ חאַ, דער אַלטער היהנער-פּרעסער, איז גוט פערליאָפּעט אין דיר (נעמט זי ארום ביידע לאַכען).

**למך:** דו דו, טשעפּע ניט מיין טאַטענס מאַמע.

**וולאדימיר:** שטיל דו אידיאָט, וואָס ביסטו אַ הונד פאַר דיין טאַטען.

**למך:** און איך וועל דיך דערווערגען. איך דיך... (פּאַקט איהם ביים האַלז).

**וולאדימיר, זעלדע:** לאָז אָב משוגענער, לאָז... (זעלדע ערבליקט שמואל, פאַלט צוריק, אויפטריט שמואל מיט וואַסער).

**שמואל:** וואָס איז דאָ?

**וולאדימיר:** ניין גאָר ניט מיר האָבען ז. קוים אָבגעמינטערט זי איז געוועזען געפעהרליך. — וואַרט אידיאָט איך וועל דיר געבען.

**למך:** איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט, איך וועל דיך דערווערגען.

**שמואל:** נאָ, ווי פיהלסטו זיך קעצעלע, איז דיר בעסער?



פון יעדע נאַרישקייט זיך אַזוי נעהמען צום האַרצען, נאַרעלע, לאָז דיין פריינט'ל זיין ביי אונז אַמאָנאַט וועלען מיר זעהן, אפשר פאַרקעהרט אונטער זיין השגחה וועט פון אלכסנדר'ן אויך ווערען אַשטיקעל מענש. (ווי וולאדימיר ברענגט אַהער אייערע זאַכען און קליידער).

**וולאדימיר:** מיינע זאַכען זענען שוין דאָ (ברענגט אריין עטליכע שטעקענס, עטליכע קאָלנער, האַלז-ביכלעך אָנגעהאנגען אויף אַשטעקען, אַ הינטעל אויף אַשטריקעל).

**למך:** אוי אַזוי פיעל שטעקענס מיט אַ הונד, ער מוז זיין אַ הונדשלעגער חאַ חאַ. (אויפטריט זימאָן)

**זעלדע:** און וואו וועט זיין וולאַדימירס צימער.

**זימאן:** דער הער וואָראָבייטשיק קען פאַרנעהמען מיין צימער, איך געה זאָ ווי זאָ אַוועק פון דאַנען.

**למך:** און מיך שמעון לאָזטו דאָ איבער אַליין (גלעט איהם, וויינט).

**זעלדע:** שמואל, לאָז איהם ניט מען וועט זאָגען די שטיפ-מאַמע האָט צו-טריבען אַלע קינדער.

**זימאן:** איך וואָלט שוין לאַנג אין דעם הויז ניט געבליבען. איך האָב אָבער ניט געקענט מיין אונגליקליכען ברודער פערלאָזען. איך בין זיין איינציגער פריינד אונד שוץ... אָבער עס גיעבט אומשטענדע זעלבע יאָגען מיך פאָרט פון דאַנען. איך וועל גיך געפינען פאַר זיך אונטערקען, וועל זיך קענען לעבען זעלבסטשטענדיג אונד אויך דיך מיין ברודער צו זיך נעהמען.

**זעלדע:** טהוט עס ניט, איהר זענט נאָך אַיונג קינד, צו אייך האָב איך גאָר ניט.

**זימאן:** אַזוי, איהר האָט צו מיר גאָר ניט, דאַנקע.

**שמואל:** וואָס בעטסטו איהם? לאָז ער געהן! אין זיינע יאָהרען האָב איך געשלעפּט משאָ אויף מיינע פּלייצעס, געפיהרט אַ מאַטשקע. לאָז ער געהן און אַז עס וועט איהם שלעכט ווערען, וועט ער קומען צום טאַטען און בעטען.

**זימאן:** איך וועל ניט קומען. איך וועל ניט בעטען. — אייך מאַדאַם בעט איך מען זאָגט פרויען האָבען גוטע הערצער, פלאָגט ניט מיין אָרימען אונגליקליכען ברודער. יעדער פון אונז קען שטעהן פאַר זיך ער אָבער איז איין שוואַך, אונשולדיג, אונוויסענד שעפעלע און ווען איהר וועט איהם שלעכט בעהאַנדלען וועט אייך גאָט שטראָפען.

**שמואל:** ווייס איך נאָ ס'איז דאָ וואָס צו הערען. קום זעל-דעטשקע, קומט מחותן מיר וועלען אייך ווייזען אייער צימער — זיי זענען אַלע משוגע אַלע ווילדע מענשען. געהט שטערט ניט מיין לעבען. בעהט! (ער, זעלדע, וואָראָבייטשיק מיטן הונד אָב).

**למך:** שמעון, דו האָסט מיך נור געוואָלט איבערשרעקען האָסט געזאָגט אַז דו פאָהרסט אַוועק?

**זימאַן:** ניין מיין ברודער, איך פאָהר ניט איך בלייב דאָ אין אַרעסט, איך וועל קומען אָפט דיך זעהן און וועל זעהן וואָס גיכער דיך אַוועק צו נעהמען פון די זעזען שענדליכען אונד שמוציגען הויז.

**למך:** און מיט וועמען וועל איך דאָ בלייבען? ווער וועט אויף מיר רחמנות האבען? שמעון, איך האָב מורא אָהן דיר וועל איך נאָר אין גאַנצען אַראָב פונ'ם זינען. איך וועל משוגע ווערען.

**זימאַן:** פאַר דיר וועט זיין בעסער וואָס גיכער איך וועל מיך שטעלען אויף די פיס און וועל אייך קענען צו נעהמען פון דאַנען ניט נור דו, איך, אונזער שוועסטער ליזאַ זענען אונגליקליך — נון איך מוז געהן זיי געזונד.

**למך:** זיי דו געזונד צו וואָס דאַרף איך געזונד זיין, פאַר מיר און פאַר אייך וואָלט בעסער געוועזן אַז איך זאָל שטאַרבען. (זימאַן אַב) אַ סאַך מאָל ווייזט זיך מיר אויס אַז איך קען ווערען קליגער פון אַלע – ווער וויל איך זאָל לעבען? גאָט? נאָך וואָס? מען זאָל מיך טרעטען – פלאָגען, שמייסען און איך וויל ניט (אויפטריט וולאַדימיר).

**וולאַדימיר:** עה, דאָס איז אַ טשאָרט ניט קיין מיידעל, נו מיר ווילען זעהן ווי אונזערע געשעפטען וועלען דאָ געהן, צו ערשט אָבער דאַרף מען געבען אַ לעקציאָן דעם אידיאָט (שלאָגט איהם) בּיסט אַליין למך?

**למך:** געה אין דער ערד אַריין, דו!

**וולאַדימיר:** אין דער ערד אַריין געהן וויל איך ניט, און ליעב האָבען מוזטו מיך, האָסטו מיך ליעב, למך?

**למך:** ביי דיר אין די אויגען טאַנצען אַרום צוויי קליינע רוחות'לעך.

**וולאַדימיר:** דו מוזט מיך ליעב האָבען און אָבגעבען כבוד (שמייסט איהם).

**למך:** ניט, שלאָג מיך ניט, אפשר וועל איך דיר שפּעטער ליעב האָבען, איצט קען איך ניט.

**וולאַדימיר:** און זאָלסט זיך מיר ניט אַריין-מישען ווען איך וועל מיט דער מאַמען אַביסעל פערברענגען, הערסט?

**למך:** מיט דער מאַמע? זי איז דען דיין מאַמע?

**וולאַדימיר:** הערסט אַ חכם, געוויס איז זי מיר אַמאַמע, אַמאַמע מוז מען ליעב האָבען און פאָלגען.

**למך:** איך האָב מיין מאַמע אויך ליעב געהאַט און דעם טאַטען



פאָלג איך, אָבער דיין מאַמע קען איך ניט ליעב האָבען זי מאַכט מיך קראַנק.

**וולאַדמיר:** אַזוי האָב איך דיך ליעב, קום אַהער (שלעפּט איהם צום שהיר) זעהסט דאָרט די גרויסע שטוב דאָס איז אַ טראַקטיר, געה אַהין נאַ דיר געלד און זאָג מען זאָל דיר געבען אַ פלאַש אָדער צוויי פלעשער בראַנפען.

**למך:** איך בין דאָרט קיינמאָל ניט געוועזן איך האָב מורא מען וועט מיך שלאָגען.

**וולאַדימיר:** געה, געה, האָב קיין מורא ניט.

**למך:** שמעון וועט זיך בייזערען.

**וולאַדימיר:** געה זאָג איך, אַז איך הייס געהן געהט מען!

**למך:** ווי פיעל קאָפּיקעס? פאַר'ן גאַנצען געלד אין גאַנצען בראָנפען.

**וולאַדימיר:** (קרימט זיך נאָך) אין גאַנצען... געה שוין צום טייוועל (שטופּט איהם אַרויס) מיין כלל איז פריהער פון אַלעם צו נעהמען אַביסעל בראַנפען. בראַנפען צו-וויגט די געדאַנקען ערוועקט דעם קאָפּ מאַכט פריי די צונג צו וואַרעמט דאָס בלוט שוועקט אוים די געדערם. (אויפטריט אַלכּסנדר) אָה קאַמעראַד, דיך דאַרף איך, זעהר גוט וואָס דו ביסט געקומען.

**אַלכּסנדר:** וואָס זשע, ווילסט ווערען ביי אונז אין מאַגאַזין דער גאַנצער פיהרער?

**וולאַדימיר:** וואָס פאַר אַ פיהרער, וואָס פאַר אַ גאַנץ קום אַהער סאַדים בראַט, באַלד וועט מען אונז ברענגען בראַנפען און איך מיט דיר וועלען מיר לעבען ווי אַנדערע צוויי. איך האָב צו געזאָגט דעם טאַטען דיינעם מאַכען פון דיר אַ לייט און איך וועל מאַכען איך וועל פאַר דיר עפענען אַ נייע וועלט, וואו עס ברענען אַ סך ליכט וואו מען זינגט שענע לידער, וואו שענע מאַמזעלען שפּאַצירען וואו מען שנייט אַ קערטיל און מען קנאַקט אַביסעל משקה.

**אַלכּסנדר:** און דער טאַטע מיינסטו וועט דיך דערפאַר ניט אַרויסקנאַקען פון דאַנען.

**וולאַדימיר:** פערלאָז דיך שוין אויף מיר איך ווייס ווי מען לערנט אַ טאַטען דרך ארץ (אויפטריט למך מיט 2 פלעשער בראַנפען דער ראָק אַרויסען דאָס פנים אויסגעשמירט).

**למך:** (וויינט) די יונגלעך האָבען מיך געשלאָגען זיי האָבען צוריסען אויף מיר דעם ראָק.

**וולאַדימיר:** (נעהמט ביי איהם צו די בראַנפען) נו שאַדט ניט, אַבי דער בראַנפען איז דאָ (שטעלט אויפ'ן טיש) מומע שפרה! שפרה גיט אונז עטוואָס פערבייסען.

**שפרה:** זאל איך אזוי קיין שלעכטס ניט האבען, ביי אונז איז דאך אלעס אבגעצעהלט און אבגעמאסטען.

**וולאדימיר:** נו, נו, מומעניו קוילעט פון אונזער וועגען א וואלגערהעריגג. פאלמעסט איהם מיט עסיג, בעפוצט איהם מיט א קראנץ פון ציבעלע און איך וועל אייך דערפאר ליעב האבען.

**שפרה:** אוי איז דאס א שלאק, א מזיק (געהט ברענגט באלד אויף א טעלער הערינג 4 גלעזלעך).

**וולאדימיר:** נא סאדים בראט, קוטאי (אלכסנדר גיסט אן) למך קום אהער צום טיש.

**למך:** איך האב מורא דער טאטע וועט מיך שלאגען מיט'ן קאנטשיק ווייל איך האב צוריסען דעם ראק.

**וולאדימיר:** האב קיין מורא ניט איך וועל דיר קויפען א אנדער ראק קום זעץ דיך (פיהרט איהם צום טיש ער דערזעהט הערינג חאפט מיט'ן האנד זיי לאזען ניט).

**וולאדימיר:** (האט דערווייל אנגעגאסען אלע גלעזלעך) נו למך, טרינק, מומע שפרה, טרינקט אויך!

**שפרה:** א יודינע בראנפען, ווייס איך...

**וולאדימיר:** אהן פוילע שטיק טרינקט. נא זדראוויע בראט (אלע טרינקען) אויף איין גלעזעל איז ווי אויף איין פוס מען הינקט. (גיסט אן) למך נו קנאק אריין, מומע שפרה, טרינקט נאך איינס (אלע טרינקען) אזוי ווי א המן-טאש האט דריי עקען אזוי מוז מען דריי מאל טרינקען למך קנאק אריין, מומע שפרה נו. (זי נעהמט, למך לאכט ווילד פארשיכורט)

**למך:** חא חא חא, אוי עס ווארימט און עס צו געהט זיך אין אלע ביינער.

**אלכסנדר:** ווי איך האב דיך נאר דערזעהן האב איך שוין פערשטאנען דאס דו ביסט א פיינער מענש איך האב דיך ליעב ווי איך בין א יודיש קינד.

**וולאדימיר:** אזוי ווי א וואגען האט פיער רעדער אזוי מוז מען טרינקען פיער מאל (גיסט אן) אלכסנדר, קוטאי, וואליאי! למך טרינק מומע שפרה נא נאך איינס.

**שפרה:** אוי איז דאס א פייערדיגער יונג. לחיים קינדער (טרינקט) חא חא חא, אויף מיין ווארט איך בין שיכור.

**וולאדימיר:** מיין כלל איז...

**למך:** הפקר פעטרושקא.

**וולאדימיר:** נא גאספארא דאוואיטע זאפאיאם טשטא ניבוד.

**אלכסנדר:** יא, יא, זינגען, טאנצען, פרעהליך (אלע זינגען. נעהמען שפרה, למך, טאנצען, אויפריט שמואל, זעלדע מיט פעקופקע)



**שמואל:** קוק אן זעלדע וואס דא טהוט זיך — דו אידיאט וואס איז דאס? ווער האט עס דיך אזוי צופליקט?

**אלכסנדר:** ער וועט מיר ווייזען ווי מען לערנט אטאטען דרך ארץ...

**וולאדימיר:** חאפ נאך ניט עס איז נאך ניט הפקר פעטרושקא (למך טאנצט ווילד).

**שמואל:** ווי געפעלט דיר אזא חתונה אט וועל איך אייך באלד אן כלי זמר אבשפיעלען א חתונה (צו שפרה) וואס איז דאס?

**שפרה:** (גאנץ שיכור לאכט) זאל איך אזוי וויסען פון בייז ווי איך ווייס, חא חא חא.

**למך:** טאטע אז מען טרינקט בראנפען ווערט אזוי גוט אויפ'ן הארצען דער קאפ ווערט אזא גרויסער און די פיס אזעלכע קלייניטשקע (טאנצט ווילד, לאכט, שפרה לאכט אויך שיכור).

**שמואל:** ארויס פון דאנען אין קיך אריין דו אידיאט! (נעהמט זיי אן ביים קראגען אלע דריי אב).

**זעלדע:** ביסט ערשט אריין אין שטוב אריין און האסט שוין געוויזען דיינע פוילע שטיק-נו געה טראג דיך אב באצייטען.

**וולאדימיר:** נור ניט געווארפען מאדאם, אלכסנדר קאם, דער אנפאנג ווער ניט שלעכט.

**אלכסנדר:** דיר וועל איך פאלגען און זיי אלע הער איך ווי די קאץ.

**וולאדימיר:** מאדאם זאג דעם אלטען דיינעם ער זאל אויפהערען זיך אזוי שטארק צו בלאזען ווארום דו קאנסט דאך מיר ביי מיר איז... (מאכט א קולאק) הפקר פעטרושקא (אב).

**זעלדע:** פאר מיין גליעד-שוועסטערקינד וועט מיר שוין דער אלטער מיינער זאגען אביסעל מוסר; נאר מילא איך וועל איהם שוין מוזען געבען נאך אקוש (בעטראכט באנדעלם) אך, וועלכע שענע מוסטערן, (אויפטריט ליזא) ליזא, זעהסט וואס פאר אטוך דער טאטע האט אונז גענומען אויף קליידער — דו בעליידיגסט מיך תמיד און איך האב געזאגט דעם טאטען אז דו דארפסט אויך אקלייד. — זעהסט? דאס זיידענע און דאס וואלענע איז פאר מיר און דיר האב איך אויך געהייסען נעהמען אשיין שטיקעלע קרעטאן אויף אקלייד און פאר שפרה'ן אפארטוך אויך. היינט זאלסטו זעהן וואס פאר אשען מעבעל מיר האבען געקויפט, דאס אלטע מעבעל וועלען מיר אין גאנצען הערויסווארפען.

**ליזא:** עס פרעהט מיך זעהר. נור ווייסט איהר וואס איך וועל אייך זאגען, נעהמט מיין קרעטאן און שפרה'ס פארטוך אויך. וועניגסטענס אז איהר וועט אוועקגעהן פון אונזער הויז וועט אייער בעריהמ-

טער טשעמאדאנטשיק זיין אביסעל פולער, ווי איהר האט איהם אהער געבראכט.

**זעלדע:** וואס זשע דו פערגינסט מיר ניט?

**ליזא:** פאר וואס ניט? איך פערשטעה גאנץ גוט, אז א פרוי וואס איז מעהר ניט אלט, ווי 24 יאהר האט חתונה פאר א מאן פון 60 יאהר איז עס געוויס ניט צוליעב עולם הבא וועגען — פערניצט עס געזונטערהייד... נור וואס זעה איך איהר טראגט אויף זיך מיין מוטערס צירונג, ווער האט עס אייך ערלויבט?

**זעלדע:** וואס הייסט ווער? דיין טאטע און מיין גוטשינקער מאן.

**ליזא:** וואס? איהר וועט טראגען אויף אייער קערפער מיין מוטערס צירונג?

**זעלדע:** יא! יא! איך בין דיין טאטענס פרוי גראדע ווי דיין מאמע איז איהם געווען, איך בין מאדאם לייבליך ווי זי, איין יחוס...

**ליזא:** ווי וואגט איהר זיך צו גלייכען צו מיין מוטער? מיין מוטער איז געווען א ארדענטליכע עהרענס־ווירדיגע פרוי, גיבט אהער דאס צירונג ווען איהר ווילט ניט אז איך זאל עס ביי אייך ארונטער־רייסען.

**זעלדע:** אוועק פון מיר ווארום...

**ליזא:** אהער גיבט די צירונג (רייסען זיך, אויפטריט שמואל):

**שמואל:** וואס איז דא?

**זעלדע:** אוי איך אונגליקליכע, איך האב געמיינט אז איך וועל מיט מיין מאן גליקליך לעבען, מען האט מיר אבער געזאגט אז דעם מאנס קינדער וועלען מיך יונגעהייד בעגראבען.

**שמואל:** וואס, זיי ווילען דיך בעגראבען, גיכער וועל איך זיי אלע בעגראבען, א כפרה מעגען זיי ווערען פאר דיין מינדעסטען פינגערל, דו ווילסט מיין לעבען זים מאכען און זיי פערסם׳ן יעדער מינוט מיין פערגניגען וואס איך האב — ווי וואגסטו צו זיין זא גראב געגען דיין צווייטער מוטער, געגען דיינע פאטערס פרוי.

**ליזא:** פאר געלד קויפט מען א סך אזעלכע פרויען, איך וויל זי זאל זאפארט מיין מוטערס צירונג אויסטהון.

**שמואל:** שטיל זאג איך ווארום דו קריגסט באלד פעטש.

**ליזא:** ניין, איך וועל ניט שווייגען מיין מוטערס צירונג וויל איך...

**שמואל:** וואס? איך בין שוין קיין טאטע ניט מעהר, איך בין שוין קיין בעל הבית דא אין שטוב? דו חצופה, מיינסט איך וועל דיר ערלויבען יעדען טאג מיין פרוי צו בעליידיגען? איך וועל דיר... (וויל איהר שלאגען).



**ליזא:** (חאפט זיין האנד) וואס? מיך שלאגען?! יעצט ווען איך בין שוין אערוואקסענעס מעדכען, מיך שלאגען פאר אזא געמיינע פרוי? וואס מיינסטו איך בין אליין דאס צעהניאהריגע קינד וואס דו פלעגסט אימער טרעטען מיט די פיס, אדער איך בין דער אונגליקליכער למך וועלכען דו פייניגסט יעדע מינוט און שמייסט איהם מיט׳ן קאנטשיק?! ווייטער מיט די הענד! ר׳ שמואל לייבליך ווייטער מיט די הענד!

**שמואל:** דו עזות מחוצף פנים, איך וועל דיך דערהרגענען. א דאס זענען די היינטיגע קינדער ניט גערעכט זאלען זיי ווערען, אויס־געריסען זאלען זיי ווערען, דאס איז דער כבוד און נדת וואס מען האט פון זיי, הרגענען, רייסען פאסען־ווייז קאטעוועז, שינדען די הויט, שלאגען מכת רצח...

**ליזא:** (פארשטעלט זיך מיט׳ן שירם) מיך שלאגען, עס איז צו שפעט, איך ערלויב עס ניט — וואגט עס ניט צו טהון דען געגען אייך שטעהט קיין קינד מעהר, געגען אייך שטעהט איינע פרוי, וועלכע וויל פער־טהיידיגען איהרע רעכטע און די עהרע פון איהר געשטארבענע און גע־ליעבטער מוטער (געהט צו ביז׳ן טהיר, ער וויל איהר שלאגען) וואגט עס ניט, וואגט עס ניט!

פארהאנג פאלט.

---

## דריטע אקט.

דאס זעלבע צימער נור רייכער מעבלירט למך גנבה׳ט זיך אריין שטיל.

**למך:** פריהער האב איך ליעב געהאט צו זיצען דארט וואו מענשען געפינען זיך און איצט האב איך ליעב נור צו זיין אליין מען טרייבט מיך פון דאנען מען הרגעט מיך איך זאל אהער ניט געהן און מיך ציהט עס דוקא אהער, ווען דא איז ניט געוועזען אזעלכע שטוהלען און דיוואנען, איז דא געוועזען ווארם און פרעהליך, היינט איז דא קאלט, פוסט, פינסטער, טרויעריג ווי ביי מיר אט א דא (צייגט אויף זיין הארץ) שמעון איז ניטא און קיינער ווייסט ניט ווי שווער מיר איז אויף מיין הארץ, קיינער קען מיר ניט ערקלערען וואס עס טהוט זיך אט דא ביי מיר (געהמט ארויס פון בוזעם זעלדעס האגדשוה, לעקטעס, הארנאדלען שפעקעס אליץ) א דאס איז זעלדעטשקעס! אז איך שמעק אט דאס א, זעה איך זי פאר מיינע אויגען אז איך וויל שטעהט זי דא אז איך וויל זיצט זי דארט. א! אט איז זי שוין דא! געה, געה אהין. און אז איך מאך צו מיינע אויגען הער איך איהר שטימע איהר געלעכטער, איהר זינגען „האפ מיינע שיכעלעך האפ מיינע שענע”... איך זאל וויסען אז שמעון וועט זיך ניט בייזערן וואלט איך איהם געפרעגט פאר וואס איז דאס? אז איך טראג דאס אלעס צו נעהנטער צו זיך ווער איך שיכור אזוי ווי פון

דעם בראָנפֿען וואָס וועלהעלע גנב גיבט מיר צו טרינקען. איך ווער שיכּור דער קאָפּ ווערט צודולט, די הענד ציטערן די פֿיס קענען ניט געהן — קום אַהער זעץ זיך דאָ... (אויפֿטריט ליזאַ, למך ערשרעקט זיך בעהאַלט די זאַכען).

**ליזא:** ביסטו דאָ אַליין למך? וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקען?

**למך:** איך האָב געמיינט דער טאַטע אָדער שפּרה געהט אַהער.

**ליזא:** וואָס בעהאַלסטו עס דאָרטען?

**למך:** גאָר ניט גאָר ניט, מיינע צאַצקעס, גלאַט אַזוי נאַריש־קייטען... ליזאַ, האָסט נאָך ניט געגעסען? דער טאַטע מיט דער מאַכ־... האָבען געגעסען אַ געבראָטענע קאַטשקע. געה עסען! איך בין ני־... הונגריג איך געדענק שוין ניט ווען איך האָב געוואָלט עסען.

**ליזא:** ביסט קראַנק למך? ביסט בלאַס, דו זעהסט אויס אַזוי שלעכט, וואָס טהוט דיר וועה?

**למך:** מיר טהוט גאָר ניט וועה, נור איך פֿיהל אַז אַשר זויגט ביי מיר מיין בלוט אונטערן האַרצען אי בייטאָג אי ביינאַכט שטענדיג.

**ליזא:** וואַרט למך איך וועל געפֿינען אַשטעלע וועל איך דיך צו נעהמען פֿון דאַנען. — אַ מיין אָרעמער און אונגליקליכער ברודער ניט נור קליינע קינדער, אויך גרויסע זענען אונגליקליך ווען זיי האָבען קיין מוטער, עס גיבט אויף דער וועלט נור איין־טרייע ריינע הייליגע ליעבע, דאָס איז די ליעבע פֿון אַ מוטער צו איהרע קינדער, מיר זענען יעצט אַלע אונגליקליכע עלענדע יתומים.

**למך:** און דער טאַטע איז אויך אַ יתום? ש... איך הער איהרע טריט, קיינער הערט ניט אַזוי גוט ווי איך, ש... (פֿערשטעקט זיך אונ־טער'ן פֿאָרהאַנג, אויפֿטריט זעלדע).

**זעלדע:** אָט איז זי דאָ דער מאַמעס בת יחידה.

**ליזא:** סקאָצעל קומט דער טאַטענס בת יחידה.

**זעלדע:** שפּרה, שפּרה! (אויפֿטריט שפּרה)

**שפּרה:** וואָס איז בעל הבית'טע?

**זעלדע:** איך רעד ניט מיט איהר, זאָגט איהר אַז איהר פֿאָטער וויל זי ניט זעהן, ער האָט איהר איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿערבאָטען אַהער צו געהן, לאָז זי זיצען ביי זיך אין צימער אויב זי וויל אויסמיי־דען קריג און סקאַנדאַלען וואָס בעסער פֿאַר איהר און פֿאַר מיר.

**שפּרה:** (צו ליזאַ) מאַדאַם זעלדע זאָגט, אַז דער טאַטע וויל זיין דאָ און איהר דאָרט אויב איהר ווילט אויסמיידען קריג און סקאַנדאַלען זיי פֿאַר אייך איז בעסער.

**ליזא:** זאָגט איהר שפּרה אַז איך ווייס אַליין גאַנץ גוט וואו איך מעג זיצען און וואו איך מעג זיין.



**שפּרה:** מאַמזעל ליזאַ זאָגט אַז זי ווייסט בעסער פֿון אייך וואו זי מעג זיצען און וואו זי מעג זיין.

**זעלדע:** זאָגט איהר שפּרה אַז מיין געדולד האָט אַ גרענעץ און זגעגען מיין עדלען כאַראַקטער וועל איך איהר מוזען ווייזען ווי מיינע נעגעל דראַפּען.

**שפּרה:** מאַדאַם זעלדע זאָגט אַז זי האָט אַ גרענעץ און זי וועט אייך מוזען דראַפּען געגען איהר איידלען כאַראַקטער.

**ליזא:** זאָגט איהם אַז איך וויל מיך ניט שמוציג מאַכען מיט אַזאַ פֿרוי.

**זעלדע:** וואָס פֿאַר אַזאַ פֿרוי בין איך עס דיר!

**ליזא:** ניט מיר זענט איהר אַזאַ פֿרוי.

**זעלדע:** דו מיינסט איך וועל דיר שטענדיג שווייגען. אַרויס פֿון מיין הויז!

**ליזא:** פֿון דיין הויז?! שוין לאַנג מאַדאַם זעלדע, אַז איהר זענט געקומען דאָ פֿון הקדש?

**זעלדע:** אַרויס פֿון מיין הויז דו... (וויל זי שלאָגען)

**ליזא:** וואָס? מיט די הענד? שלאָגען זיך גאָר?.. איך וועל דיר... (חאַפּט דעם שירם).

**שפּרה:** הערט אויף! בעל הבית! ר' שמואל!

**למך:** (טרעט אין דערמיט), ניטע, שלאָגט זי ניט (ליזא שלאָגט מיט'ן שירם טרעפֿט למך'ן) שלאָג זי ניט.

**ליזא:** פֿאַר וועמען בעטסטו? פֿאַר איהר? דו האָסט זי דען ליעב?

**למך:** זי? (קוקט אויף זעלדע) איך ווייס ניט. ש... דער טאַטע געהט! (לויפֿט אָב אויפֿטריט שמואל).

**שמואל:** (קוקט בייז אויף ליזא) וואָס איז דאָ?

**זעלדע:** קלויב נחת פֿון דיין טעכטער'ל. קוק זי נאָר אָן מיט דיינע אויגען, זי האָט געהרג'ט געשלאָגען. (וויינט).

**שמואל:** (עפֿענט די טהיר) געה, געה פֿון מיין הויז, דאָ קענסטו ניט מעהר בלייבען, געה!

**ליזא:** יאַ, איך געה, דאָ בלייב איך ניט מעהר, אָבער איי־דער איך געה, וויל איך אייך פֿרעגען, ווייסט איהר, וואוהין איהר שיקט מיך?

**שמיאל:** איך שיק דיך אוועק פֿון מיין הויז, דאָ פֿאַרשטערסטו מיר מיין לעבען, דו וואַגסט צו בעליידיגען מיין פֿרוי, דו האָסט אויפֿ־געהויבען דיינע פֿרעכע הענד געגען דיין צווייטער מוטער. געה וואוהין

דו ווילסט, ווילסט זיין זעלבסטשטענדיג, לעבען מיט דיין אייגענעם שכל, די טהיר איז אָפען פאַר דיר.

**ליזא:** האָט איהר געדענקט דערפון, וואו איך וועל נעהמען מיטעל צום לעבען?

**זעלדע:** דו ביסט דאָך אַ קלוגע, אַ בריה דו האָסט דאָך פאַר קיין זאַך קיין מורא, אַזעלכע ווי דו שטאַרבען ניט פאַר הונגער.

**שמואל:** האָסט ניט געוואָלט הערען דיינע עלטערן און דיך פיהרען אַנשטענדיג, געה אַרבייטען, וועסט אַרבייטען, וועסט האָבען מיטעל צום לעבען.

**ליזא:** אַרבייטען, עס איז גרינג צו זאָגען געה אַרבייטען, אָבער צו וואָס פאַר אַנ'אַרבייט האָט איהר מיך געלערנט — מיינט ניט, אַז איך בין געזעסען און האָב געוואַרט ביז אייער ליעבע פרוי, די האָלגעשעצטע מאַדאַם זעלדע וועט מיך פון אייער הויז אַרויסטרייבען. שוין 3 חדשים געה איך אַרום איבער די שטאָדט און איך זוך אַרבייט, קום איך אין איין קאַנטאָר. פרעגט מען מיך, אָב איך קען אייראָפּעאישע שפראַכען, ניין איך האָב ניט געלערנט, קום איך אין איין גרויסען ברויטגעשעפט, פרעגט מען מיך, אָב איך קען איטאַליעניש בוכהאַלטעריע, איך קען ניט, איך האָב ניט געלערנט — אין אַ מאָדע־מאַגאַזין, פרעגט מען מיך, אָב איך בין אַ מאָדיסטין? איך אַ מאָדיסטין? איך בין דאָך אַ טאַטענס אַ קינד, אַ מיוחסת אַ בת יחידה, איך האָב ניט געלערנט. די נייטאָרין פרעגט מיך, אָב איך קען נעהען קאָכען, וואַשען, פרעסען? ניין, ביי מיין פאָטער אין שטוב זענען געווען דיענסטען. זיי האָבען געבאַקען, געקאָכט און געפרעסט, איך קען ניט, איך האָב ניט געלערנט, — יאָ, איך וועל געהן אַרבייטען, אָבער איך פרעג אייך צו וואָס פאַר איין אַרבייט האָט איהר מיך געלערנט? צו וואָס פאַר איין אַרבייט האָט איהר מיך פאַר־בערייטעט? ענטפערט מיר! איהר זייט מיין פאָטער און איהר האָט קיין רעכט מיר אויף דיעזע פראַגע ניט קיין אַנטוואָרט צו געבען.

**שמואל:** אַ קלייניגקייט! איך פרעג דיך, ווי וואַקסען עס אויס אַלע יודישע טעכטער? וואָלסט דיך געוואָלט שאַנעווען און זיין איין מענש וואָלט איך דיך חתונה געמאַכט און וואָלסט זיך געלעבט, ווי אַלע ווייבער לעבען. ביסט אָבער צו קלוג, נאָ טהו, ווי דו פערשטעהסט, נאָר לאָז מיך צורוה.

**ליזא:** יאָ, אַלע יודישע פאָטער גרייטען זייערע טעכטער נאָר צו דער חתונה, דאָס לעבען איז אָבער קיין חתונה, וואַרום פאַרבערייטעט איהר אונז ניט צו אַ לעבען, וואַרום פערדאַרבט איהר אונז מיט אייער ערציהונג, וואַרום פאַרקריפּעלט איהר אונז און מאַכט אונז פאַר טויגעניכטסען?

**זעלדע:** וואָס האָסטו דיך דאָרט געשטעלט הערען איהרע



דרשות? דיך אַרט אודאַי, וואָס זי האָט מיך געשלאָגען, וועסט וואַרטען נאָך אַביסעל וועט זי מיך דערהרגענע'ן אויך.

**ליזא:** שרעקט אייך ניט מאַדאַם זעלדע, איהר וועט בלייבען גאַנץ. דער רוססע זאָגט אַ שפּריכוואָרט: „דער טייוועל נעהמט ניט דעם אונווירדיגען”.

**שמואל:** גענוג! האָסט שוין גענוג גערעדט, געה פון מיין הויז!

**ליזא:** יאָ, איך געה! איך וויל ניט רעדען דערפון, וואָס מיין הערץ פיהלט, ווען איך טרעט אַריבער די שוועל פון מיין פאָטערס הויז פילייכט צום לעצטען מאָל. איך וויל ניט זאָגען, וואָס מיין קאָפּ דענקט פון אַ פאָטער, וועלכער פאַריאָגט פון זיין הויז אַלע זיינע קינדער, אום ער זאָל זיך קענען גאַנץ און גאָר איבערגעבען אין די הענד פון זאָ איין פאַלשע פרוי.

**שמואל:** קיין וואָרט מעהר!

**ליזא:** יאָ קיין וואָרט מעהר דערפון, וואָס עס קאָן ווערען פון אַיונג מעדכען, וועלכע האָט קיינע פריינדע, קיין שוץ, קיין מיטעל צום לעבען, קיין געוואָהנהייט צו אַרבייטען. איך געה, אום ניט צו שטערן דאָס גליקליכע לעבען פון דעם יונגען ליעבענדען עהרענסווירדיגען פּאָר חאַ, חאַ, חאַ! מזל טוב דיר פאָטער, מזל טוב אייך מאַדאַם ליעבליך! חאַ, חאַ, חאַ, מזל טוב אייך, מזל טוב! (אָב)

**שמואל:** געה! געהט אַלע וואָהין איהר ווילט, לאָזט מיך לעבען אויף דער וועלט, לאָזט מיך געניעסען פון דעם גליק, וואָס גאָט האָט מיר באַשערט, צוגעשיקט אויף מיינע עלטערע יאָהרען, וואָס ווילט איהר? איך זאָל מיך אָבזאָגען פון מיין לעבען צוליעב אייך? ניין, איך וויל נאָך לעבען אויף דער וועלט, זעלדעטשקע ערגער דיך ניט.

**זעלדע:** אוי מיין קאָפּ!.. (פאַלט אויפ'ן דיוואַן קריכט ויך).

**שמואל:** וואָס איז דיר זעלדעטשקע? — דאָס קעפּעלע טהוט דיר וועה, אָט וועל איך דיר באַנעצען מיט אָדעקאָלאָן — מיר זאָל זיין פאַר דיין קעפּעלע (נעהמט פון טיש'ל אָדעקאָלאָן באַנעצט איהרע שלייפען) נאָ, מיין קעצעלע, ווי פיהלסטו דיך איצטער? איז דיר בעסער?

**זעלדע:** בעסער, בעסער. געה נודע מיך ניט, (גיט איהם אַשטויס).

**שמואל:** קעצעלע מיינס הינדעלע...

**זעלדע:** (ווידער אַשטויס) אוי געה וועק פון מיר, וואָס מאַכסט דיך נאַריש, דו אַלטער אָקס!

**שמואל:** זעלדעטשקע, איך בעט דיך טרייב מיך ניט פון דיר, האָב רחמנות אויף מיר, איך פערליער מיין געזונד, מיין פערשטאַנד (וויינענד) זעה, וואָס דו האָסט פון מיר געמאַכט.

**זעלדע:** נאָ, שאַ, שאַ, איך האָב דיך ליעב.

**שמואל:** אוי מײַן קעצעלע, (נעהמט זי אַרום).

**זעלדע:** יאָ דו זאָגסט תמיד, אַז דו האָסט מיך ליעב, און פֿון דעסטװעגען פֿאַרטרויסטו מיר ניט די שליסלען פֿון דער קאַסאַ.

**שמואל:** פֿון װעלכער קאַסע?

**זעלדע:** װאָס הײסט פֿון װעלכער? װאָס מאַכסט דיך תם'װאַטע? פֿון דער קאַסע, װאו עס ליעגט דער בעריהמטער זאַק.

**שמואל:** צו װאָס דאַרפֿסטו די שליסלען? עס איז דען ניט אַלעס אײנס, איך זשאַלעװע דיר דען חלילה, אוי נאַרעלע, דו װײסט אַלײן ניט װיפֿיעל הונדערטער איך האָב שוין פֿון דאָרט אַרויסגעשלעפּט.

**זעלדע:** יאָ, אָבער, אַז די שליס'ען זענען בײַ דיר, װײַזט זיך מיר אויס, אַז איך בין דאָ אַפֿרעמדע, אַגערונגענע. — איך בין די װירטין פֿון דעם הויז און די שליסלען דאַרפֿען זײַן בײַ מיר. איבערהויפּט דו ביסט דאָך שוין אַזוי אַלט.

**שמואל:** אײַ, אײַ, זעה זעלדע, װי שלעכט דו ביסט. נאָך װאָס דאַרפֿסטו זאָגען, אַז איך בין אַלט, װײסטו דען ניט, אַז דאָס גיעט מיר אַשטאָך אין דער זיעבעטער ריפּ.

**זעלדע:** איך מײן ניט, אַז דו ביסט אַלט. איך מײן נאָר, אַז די לעצטע צײַט איז בײַ דיר דער זכרון אַזוי שװאַך געװאָרען, אַז דו געדענקסט גאָר ניט.

**שמואל:** אמת, אמת, איך האָב די לעצטע צײַט מײַן קאָפּ פֿערלאָרען, דאָס איז ניט מעהר אַ קאָפּ נאָר אַפּראָסטער צעבראָכענער טאָפּ.

**זעלדע:** נאָ זעהסטו אַז איך האָב רעכט, װער װײסט װאָס ס'קען זיך טרעפֿען, מיר זענען דאָך אַלע מעהר ניט װי מענשען... נאָ נאָ, גיעב מיר די שליסלען, מײַן טהײַערער מאַן... נאָ נאַ דיר אַ קוש (קושט איהם אויפֿטריט למך).

**שמואל:** (מלא שמחה) נאָ נאַ דיר די שליסלען, נעהם צו מײַן לעבען, מײַן פֿערמעגען װאָס איך האָב 40 יאָהר געזאַמעלט גראָשענװײַז נעהם אַלסדינג. נור האָב מיך ליעב, פֿאַרגעס אַז איך בין אַלט אַז איך בין שװאַך (אומאַרמט איהר) אוי מײַן גאָלדענע פֿישעלע, מײַן קעצעלע.

**למך:** (קריכסט צו הינטער איהם) נײַן טאַטע, ניט אַקעצעלע איז זי: נור אַקאַץ אַגרויסע װײַסע קאַץ.

**שמואל:** (שפּרינגט אויף מיט זעלדען ערשראָקען) װאָס איז דאָס? ביסט שוין װיעדער דאָ דו אידיאָט!

**למך:** ביזט אַקאַץ, טפֿרום! (שלאָגט שמואל'ן איבער די הענד) טפֿרום!.. (זעלדע ערשראָקען אָב)



**שמואל:** אַרויס פֿון דאַנען! װאו איז דער קאַנטשיק?!

**למך:** זאָגסט אַליגען טאַטע, דאָס גילדענע פֿישעלע איז שוין ניטאָ, די שלעכטע האָט געשלאָגען און געטריעבען דעם אַלטען — (קריכט אויף דער ערד) טפֿורם!..

**שמואל:** גאָט איז מיט דיר למך, װאָס װײַזט זיך דיר אויס?..

**למך:** צום ערשטען מאָל װען דער אַלטער איז געקומען צום ים רופֿען דאָס פֿישעלע איז דאָס װאַסער געװען שטיל, די זון האָט געשײַנט העל, צום צװײטען מאָל האָבען די װעלען גערוישט, די זון האָט זיך פֿערבאָרגען אין אַ דונקעלען װאָלקען. צום דריטען מאָל איז געװאָרען שרעקליך פֿינסטער, דער ים האָט געשטורמט דאָס װאַסער האָט געקאָכט, דער װינד האָט געריסען און געיאָמערט עס האָט געדונערט און געבליצט (לויפֿט נאָך שמואל'ן צו שלאָגען).

**שמואל:** װעה מיר, גװאַלד ראַטעװעט! ראַטעװעט! שפֿרה שפֿרה! (למך פֿאַלט נעבען דיװאַן אָהנמעכטיג, אויפֿטריט שפֿרה). געשװינד רופֿט מענשען מען זאָל איהם בינדען. רופֿט אַדאָקטאָר אֶפֿשר דאַרף מען איהם אָפּפֿיהרען אין שפּיטאָל אַרײַן, געשװינד אַדאָקטאָר.

**למך:** (קרעכצט װײנענד) יאַ, יאַ, שיקט נאָך אַדאָקטאָר, איך בין קראַנק מײַן קאָפּ טהוט מיר װעה, מײַן בלוט לויפֿט אום אַהין און אַהער, אויף'ן האַרצען ליעגט אַגאַנצער זאַק מיט זאַמד, דער מאַרך פֿון מײַנע בײנער האָט זיך אָנגעצונדען, איך בין קראַנק איך װעל משוגע װערען גיבט מיר אַ רפֿואָה.

**שמואל:** (צו שפֿרה) נו, װאָס שטעהט איהר, געהט נאָך אַדאָקטאָר.

**שפֿרה:** װאָס פֿאַר אַדאָקטאָר? װאָס פֿאַר אַרפֿואָה? דער קאַנטשיק איז די בעסטע רפֿואָה, איהר זעהט דען ניט, אַז ער מאַכט זיך משוגע, אָט ברענג איך באַלד אַ מעדיצין (געהט אין צװײטען צימער).

**למך:** אוי מײַן קאָפּ װערט מיר צושפּאָלטען, אַגאַנצער באַרג ליעגט בײַ מיר אָט דאָ אָ.

**שפֿרה:** (ברענגט דעם קאַנטשיק) אָט דאָס װעט זײַן די בעסטע רפֿואָה.

**שמואל:** (נעהמט בײַ איהר דעם קאַנטשיק) װאָס מאַכסטו דיך משוגע, האַ?

**למך:** איך װײס ניט, הײלט מיך אויס אָדער דערהרגעט מיך.

**שמואל:** (שלאָגט איהם מיט'ן קאַנטשיק) מען טאָר זיך ניט מאַכען משוגע, מען טאָר ניט...

**למך:** אוי, אוי, טאַטע שלאָג מיך ניט, איך בין ניט שולדיג.

**שמואל:** (שמײסט) װער דען איז שולדיג? (אויפֿטריט זומאַן רײסט אַרויס בײַ איהם דעם קאַנטשיק).

**זימאן:** דו ביסט שולדיג! ער איז נאָר געוועזען אַ בלעדזיננגער, ער האָט געהאַט אַשוואַכען קאָפּ, האָסטו איהם געמאַכט פאַר איין אידיאָט יעצט ווילסטו איהם אין גאַנצען אַראָפּפיהרען פונ'ם זינען.

**שפרה:** אוי טהייערער שמעון, איהר זאָלט זעהן וואָס פאַר אַ מישענינע ביי אונז אין שטוב איז, אַזוי ווי איהר זעהט קאַשע מיט באָרשט מיט לאָקשען אַלעס אין איינעם.

**שמואל:** ווער פרעגט אייך? אַרויס פון דאַנען! (שפרה אָב זימאַן הייבט אויף למך).

**למך:** (וויינט) אוי שמעון נאָך וואָס האָסטו מיר אַוועקגעוואָרפען? אָהן דיר איז מיר אַזוי שלעכט דאָ צו לעבען.

**שמואל:** נאָ, געבילדעטער פילאָזאָף מיינער ביסט אויך געקומען מאַכען דעם טאַטען סקאַנדאַלען. איין מינוט קען איך ניט לעבען רוהיג, קוים ווער איך פטור פון איינעם קומט דער אַנדערער, מען זאָגט קינדער איז אַ ברכה פון גאָט, —אַליגען! אַ קללה, די ערגסטע קללה פון דער וועלט (געהט אַרום אויפגערעגט) איך האָב אַלסדינג געאָפּפערט, אַלסדינג אָפּ געגעבען. מערדער! רוצחים! לאָזט מיר געניעסען פון דעם גליק פאַר וועלכען איך האָב אַזוי טהייער בעצאָהלט, וואָס ווילט איהר פון מיר? וואָס ווילט איהר?

**זימאן:** שרעקט אייך ניט, ניט קריגען זיך מיט אייך בין היערהער געקומען, זאָנדערן אייך בעטען איהר זאָלט מיר ערלויבען נעהמען מיין ברודער צו זיך. וואָס דאַרפט איהר איהם דאָ? ווער האָט צייט אויף איהם אַכטונג צו געבען?

**שמואל:** (צוטראָגען) אַלעס אָבגעגעבען און דאָך גאָרניט געקראָגען דערפאַר, און אַזוי זאָל עס פאַרלאָרען געהן? ניין, איך האָב בעצאָהלט איך וויל גליקליך זיין — — וואָס זאָגסטו שמעון? ווילסט איהם נעהמען צו זיך? וואָס זשע ביסטו איין עושר געוואָרען.

**זימאן:** יאָ, איך בין גאַנץ רייך געוואָרען.

**שמואל:** ראָס זעהט מען אָן דיינע שטיוועל.

**זימאן:** איך פערדיען 5 רובל אַוואָך. מיינע קאַמעראַרען האָבען מיר פערשפּראָכען צו אונטערשטיצען, זייט רוהיג אייער אונגליקליכען זוהן וועט ביי מיר גאָר ניט פעהלען.

**שמואל:** (אויפגערעגט) די שליסלען... ווי אַזוי האָב איך עס נעקענט טהון?... וואַרט זימאָן איך וויים ניט... איך מוז מיך ערסט איבער-לעגען, איהם לאָזען געהן פון מיין הויז איז מיר ניט גריגנ, ווער וועט עס גלויבען, אַז איך האָב איהם ליעבער פון אַלע מיינע קינדער!—איך בין איצט, ווי אַצומישטער, טהו, ווי דו פאַרשטעהסט— וואו איז געווען מיין זינען? אַוועקגעגעבען די שליסלען... מיין פערמעגען, וואָס איך האָב 40 יאָהר געזאַמעלט, ניט געגעסען ניט געשלאָפען,



ווי אַזוי האָב איך געקענט טהון אַזאַ נאַרישקייט? ניין, ניין, אַלסדינג, יאָ, נאָר דאָס ניט, די שליסלען מוז איך האָבען צוריק, זעלדע! די שליסלען אַהער, זעלדע!.. (אָב).

**זימאן:** אונגליקליכער אַלטער! — נו, למך וועסט געהן מיט מיר? ביי מיר איז אונזער שוועסטער ליזאַ, מיר וועלען שטענדיג זיין צוזאַמען, איך וועל דיר לעזען שענע געשיכטען, אָפט קומען צו מיר מיינע קאַמעראַרען און זינגען, דו האָסט דאָך ליעב געזאַנג. ביי מיר וועט דיך קיינער ניט שלאָגען, קיין קאַנטשיק וועסט דו אויך שוין מעהר ניט זעהן.

**למך:** יאָ, שמעון, איך וועל געהן מיט דיר, דו וועסט ערצעהלען שענע געשיכטען, וועסט מיר זינגען זיסע ליעדער און מיין קראַנק האַרץ וועט אויפהערען וועה צו טהון און איך וועל ווערען געזונד (וויינט) שמעון, פאַר וואָס האָסטו מיך אַוועקגעוואָרפען? איך בין געוועזען אַליין און קיינער האָט ניט פערשטאַנען, ווי אונגליקליך איך בין.

**זימאן:** ביי מיר וועסטו פערגעסען דעם בעזען פאָטער און די שלעכטע שטיפמוטער.

**למך:** (ערציטערט) פאַרגעסען? ניין, איך וויל ניט געהן, איך האָב מורא צו געהן, ווען מיין האַרץ וועט אויפהערען וועה צו טהון, ווען איך וועל געזונד ווערען, וועל איך שוין ניט לעבען מעהר, אַצונד ווען עס ברעכט מיך, ווען עס שטעכט מיך, ווען עס ברענט מיך, ווען עס לאָזט מיך ניט שלאָפען, אַצונד איז מיר אַזוי זיס, אַזוי גוט, אָבער ווען איך וועל רוהיג ווערען וועל איך שטאַרבען, פאַרשטעהסט ניט שמעון, איך טראָג ביי מיר אין האַרצען אַ זיסען וועהטאָג, וועלכער פערסם'ט מיר מיין בלוט און מאַכט מיר גוט ער גנב'ט ביסלעך ווייז אויס מיין געזונד און קיצעלט מיך, ווי אַ וואַרם ווינטעלע, לאָזט מיך, לאָזט מיך זיין משוגע, וואָרום ווען איהר וועט מיך קלאָר מאַכען, וועט איהר אַלע משוגע ווערען, אַלע משוגע, (אָב)

**זימאן:** ווער קען פאַרשטעהן, וועלכע געפיהלע עס הויבען אויף די פאַנטאַזיע פון דעם קראַנקען מענשען, ביז אין דער העהע פון פאָעזיע, און צומישען זיינע געדאַנקען ביז צום וואַהנזינן. (אויפטריט אלכסנדר, וולאדימיר שיכור).

**וולאדימיר:** דאָס איז די ליעבע, העהר פראָפעסאָר! די ליעבע גיעט דעם הינקעדיגען לשון, דעם שטומען פּים, דעם קבצן שטיוועל און דעם רייכען קדחת חאַ חאַ חאַ! נו, ווי געהט עס העהר פראָפעסאָר?

**אלכסנדר:** ווי געהען אייערע געשעפטען העהר דירעקטאָר?

**זימאן:** דיינע געשעפטען, ווי איך זעה געהען גוט.

**וולאדימיר:** נו, זאָגט אַליין, דאַרף מען זיין אַ סטודענט

פֿאַלט באַלד אַרוים פֿון די תחתונים און... הפקר פּעטרושקאַ.

**אלכסנדר:** אַגעלערנטער מענש האַלט זיך גרויס, ווי אַ קאַסיר, און געהט באָרוועס, ווי דער דלות אַליין.

**וולאדימיר:** דער געבילדעטער מענש רייסט אַרויף דעם נאָז צום הימעל און פֿאַרגעסט, אַז ער האָט קיין נאָזטיכעל און די נאָז איז ביי איהם במחילה...

**זימאן:** נו נאַטירליך, שוויינען וועלכע גראָבען זיך אין מיסט, קענען ניט שעצען דען ווערט פֿון דיעמאַנטען... חזירים גראָבט אייער מיסט (בעז אָב).

**וולאדימיר:** ווען איך זאָל זיין רייך, וואָלט איך בעצאָהלט אַמיליאָן מיט צוויי מאָל הונדערט טויזענד מען זאָל מיך אין 2 טעג אויס־לערנען אַלע זייערע חכמות, דאַן וואָלט איך צוגעגאַנגען צו איין געלע־רענטען קענער און וואָלט איהם געזאָגט, הער פּראָפֿעסאָר! ווייסט איהר, וואָס עס איז געאָגראַפֿיע, חבור, חיסור, כפל, אויסטראַליע און נקבים, נקבים, חלולים, חלולים? — זאָג נור קלוגער זוהן, וויפֿיעל האָסטו היינט פֿערשפּיעלט אין ביליאַרד?

**אלכסנדר:** ביז אָהן אַ קאָפּיקע, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך קען ניט שפּיעלען אין קאַליאַנקע.

**וולאדימיר:** אָבער דו האָסט געזעהען ווי איך שפּיעל אין ביליאַרד? — איך האָב גענעבען אַקנאַק דעם געלען און דער מיט דעם קאַראַמבאָלאַש. חאַ, חאַ, חאַ, — מילאָ עס איז דאָך קיין תכלית ניט אַזוי, מען מוז דאָך זעהן קריגען געלד, דו קוועטש נאָר צו דעם טאַטען און איך וועל מיך נעהמען צו דער מאַמען.

**אלכסנדר:** אָט געה איך שוין, פֿונ׳ם גאָרגעל וועל איך ביי איהם אַרויסרייסען (לאָזט זיך געהן).

**וולאדימיר:** קום נאָר אַהער, אַנו מאַך נאָר פֿריהער אַ פּראָ־בע, ווי אַזוי וועסטו עס אָפּ אַרבייטען? (צולעגט זיך אויפֿ׳ן דיוואַן).

**אלכסנדר:** טאַטע גיעב געלד, עס שטעהט פֿאַר צו קויפֿען אַפּאַרטיע ווייץ... וואָס? טאַטע זיי ניט קיין עזות פּנים און רעד מיר ניט אַנטקעגען, אַרויס מיט געלד!

**וולאדימיר:** זעהר גוט, וואָס וועסטו אָבער טהון, אַז דער טאַטע וועט דיך מכבד זיין מיט אַפּאַר פֿייערדיגע פּעטש?

**אלכסנדר:** איז טאַקע זעהר שלעכט.

**וולאדימיר:** אוי, דו נאַר. נעהמט מען אָן דעם טאַטען ביי דער האַנד און מען שפּאַרט איהם צו, צו דער וואַנד, און מען זאָגט טאַטע גיעב געלד, אַז ניט וועל איך דיך לערנען ווי מען לערנט אַ טאַטען (לערנט איהם).



**אלכסנדר:** (שרייט) גיעב געלד, דו אַלטער כל־בוניק, אַז ניט קעהר איך איבער די גאַנצע שטוב מיט׳ן קאָפּ אַראָב מיט די פֿיס אַרויף, פֿאַר אַזאַ טאַטען מורא האָבען? ניט דער לעבען זאָלען מיינע שונאים, גיעב געלד׳!.. (עפֿענט די טהיר שרייט, גיעב געלד. אויפֿטריט שמואל אָנגעטהון איין שוועק צו געהן מיט׳ן שטאָק. אלכסנדר שרעקט צוריק).

**שמואל:** וואָס איז דאָס פֿאַר אַגעשריי? האַ?..

**אלכסנדר:** וואָס? ווי? וואָס שרייסטו, ווי אויף איין טאַטען? גיעב געלד!

**שמואל:** ביסט שוין וויעדער שכור?! אָט וועל איך דיר באַלד געבען געלד (שלאָגט איהם מיט׳ן שטעק׳ן) שלאָפֿען, אַריין שלאָפֿען!.. (אַלכסנדר שרייענד גיעב געלד, אָב).

**שמואל:** נו און איהר האָט גאָר ניט, וואָס צו טהון? וואָס האָט איהר אַזוי פֿריה צו געמאַכט דעם מאַגאַזין?

**וולאדימיר:** מיר האָבען איהם היינט נאָך גאָר ניט געעפֿענט, איך האָב ליעב צו קויפֿען ווייץ נאָר דאַמאָלס, ווען דער פּרייז שטעלט זיך, איך וואַרט אויפֿ׳ן ריכטיגען פּרייז.

**שמואל:** קיין אַנדער אָרט האָט איהר ניט, וואו צו שלאָפֿען ווי דאָ?

**וולאדמיר:** מאַכט ניט אויס, איך בין אַ פּראָסטער מענש, מעג זיין דאָ.

**שמואל:** נאָ, געהט אין אייער צימער.

**וולאדימיר:** אַז מיר אַרט ניט, וואָס אַרט עס אייך?

**שמואל:** איבער אַזאַ נאַרישקייט גלוסט זיך נישט צו צוקריגען מיט מיין זעלדעטשקען.

**וולאדימיר:** הכלל מחותן געהט און לאָזט מיך שלאָפֿען.

**שמואל:** ווי ער האָט זיך עס צעלייגט, ווי ביי׳ם טאַטען אין שאָהגונג, נעהמט אַראָפּ די פֿיס! (וואַרפֿט זי איהם אַראָפּ) שוויין! (קוקט אויף איהם קרום, אָב)

**וולאדימיר:** דיין גליק, וואָס איך וויל מיך ניט צוקריגען מיט זעלדע׳ן, וויי̆טער וואָלט איך איהם איצט געווען פֿאַרפֿאָרען אין פּיסק אַריין אַז... איך קען שווערען, אַז די מומע זעלדע האָט דעם אַלטען היהנערפֿרעסער אַוועקגעשיקט, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז איך בין דאָ, דאָס איז אַ טשאָרט ניט קיין יודענע (צוליגט זיך אויפֿ׳ן דיוואַן, אויס־טריט זעלדע).

**זעלדע:** אוי מיין טייערער ביסט שוין דאָ?

**וולאדימיר:** אוי מיין קאָפּ, איך האַלט עס ניט אויס.

**זעלדע:** דאָס קעפּעלע טהוט דיר וועה, וויעפֿיעל איך בעט דיך אַלסט קיין סך ניט טרינקען, וועה מיר פֿאַר דיין קעפּעלע.

**וולאדימיר:** אוי דער קאפ! איך שטארב!

**זעלדע:** אט וועל איך דיר באנעצען דעם קאפ מיט אדעקאלאן. (שהיט עס) נו, ווי פיהלסטו זיך, איז דיר בעסער?

**וולאדימיר:** בעסער, בעסער, גוט לאז מיך צורוה. (גיעבט זי אשטויס, זי פאלט).

**זעלדע:** (אומארמט איהם) מיין ליעבער, מיין צוציקעל...

**וולאדימיר:** (ווידער אשטויס) גוט, וואס מאכסטו זיך משוגע, דו אלטע בהמה, אויף דער עלטער גאר!

**זעלדע:** פאר וואס פייניגסטו מיך אזוי? (וויינט) דו פיהרסט מיך אראפ פון זינען, דו מאכסט מיך פערריקט.

**וולאדימיר:** נא, קום אהער, איך האב דיך ליעב, ליעב— זעהסטו דו זאגסט שטענדיג דו האסט מיך ליעב, און וואס מען דארף טהון, טהוסטו ניט.

**זעלדע:** אזוי גאר? און דאס וואס איז? (צייגט איהם די שליסעל).

**וולאדימיר:** וואס? די שליסעל ביי דיר? אוי, דו גנב. אהער צו מיר אין מיינע ארעמ'ס (אומארמט זי).

**זעלדע:** ער האט באלד חרטה געקריגען, געוויינט, אבער די שליסלען זענען ביי מיר.

**וולאדימיר:** בראוואָ! אזוי האב איך דיך ליעב, נא יעצט פרעהליך... (זעלדע זינגט, ביידע טאנצען).

א דו שענער יונגערמאן, קום מיט מיר אין סאד אריין,
דארט וועל איך דיר עטוואס זאגען,
וואס עס וועט דיין שמערץ פעריאגען, האפ... (אויפטריט שמואל).

**שמואל:** (ערשראקען) וואס איז דאס? (ווי ערשרעקען ביידע און הערען אויף צו טאנצען) אבער אזוי ווי דאס הערץ האט מיר געזאגט, איך זאל מיך אומקעהרען צוריק, וואס איז דאס פאר א טאנץ?

**וולאדימיר:** נעהם פארטייטש איהם, נעהם איהם אויף זיבער.

**זעלדע:** וואס? דו ווייסט ניט וואס פאר א טאנץ דאס איז? דאס איז דאך וואס איך פלעג דיר שטענדיג זינגען, א דו שענער... א. ז. וו. (נעהמען איהם אריין אין דער מיט, אויפטריט למך, ווערענד אלע טאנצען).

**למך:** ער איז ווידער מיט איהר, איך וועל עס ניט איבער-טראגען, מיין הארץ וועט צעריסען ווערען, מיין קאפ וועט צושפרענגט ווערען, איך וועל משוגע ווערען. (פאלט)

**שמואל:** אוי וועה למך איז געפאלען, (לויפט צו צו איהם. זעלדע וולאדימיר גאלאפירען שנעל).

פארהאנג פאלט.



# פיערטער אקט.

דאס זעלבע צימער. שפרה דרעהט-אויף ביידע לאמפען, רוימט.

**שפרה:** איהר ווייסט ניט ווער עס האלט מיך דא? דאכט זיך, איך וואלט נאר וועלען, וואלט איך געקראגען א גוטע שטעל'ע און א מאדאם וואלט איך געהאט איין אמת'ע, ווי גאט האט געבאטען, אבער אז דאס הארץ דערלאזט מיך ניט פון דאנען אוועק צו געהן. אז איך דערמאן מיך, אז דער אלטער נאר וועט דא בלייבען אליין. פער-געהען מיר די זאשפערעס, איך בין ביי איהם איצט גאר ניט, ער אבער דער אלטער שטורמאק איז מיר נאך אלץ טייער, וועה מיר, איך זאל אויף איהם ניט אכטונג געבען וואלט ער דאך געשטארבען פאר הונגער, און ווער דערמאהנט זיך, אז מען דארף איהם געבען וועש? איצט ליגט ער נעבעך איינער אליין, קראנק, שוואך, ווען ניט איך וואלט איהם דאך קיינער אפילו אלעפעל מעדיצין גענעבען. א תל האט זי געמאכט פון איהם און פון זיין געלד.— געלד איז אזא זאך, וואס מען דארף עס היטען, ווי די אויגען אין קאפ (קוקט זיך אום, אויב מען הערט ניט) ביי יעדען געשעפט קען מען קלויבען געלד, אז מען וויל נאר, איך האב נאר 14 אדער 16 יאהר געקליעבען, האב איך 108 אדער 113 (נעהמט ארויס פון בוזעם איין טוך מיט געלד) איך קען קיינמאל ניט איבערצעהלען אדער ווייל איך שרעק מיך, אדער ווייל איך קען טאקי ניט קיין סך צעהלען (בעהאלט געלד) איהר מיינט שכנים ווייסען ניט, אז איך בין א געלד-מענש, זיי ווייסען און רעדען מיר גאנץ שענע שדוכים, אפילו יוסעל דער קוימענקעהרער נאך גאר א יונגערמאן האט מיר שוין אויך א פאר מאל אויסגעשמירט דאס פנים מיט סאזשע, און דאך וועל איך קיינמאל ניט חתונה האבען. קיינמאל ניט אוועקגעהן פון דעם הויז, אוי דו אלטער שטורמאק אויף וועמען האסטו שפרה'ן פארביטען?— מען געהט, (אויפטריט ליזא קאקעטיש געקליידעט).

**ליזא:** עס פרעהט מיך זעהר, וואס איהר זייט אליין דא שפרה. וואו איז למך? קומט אפט אהער זימאן? אך ווי דאס הארץ קלאפט, איך בין געווים 2 שטונדען ביי דער טהיר געשטאנען, שוין היער איינע מאל געווען און דאך האב איך זיך אומגעקעהרט.

**שפרה:** אוי ליזא, וואס פאר ליגען מען דערצעהלט זיך אן פון אייך.

**ליזא:** צום אונגליק איז עס קיין ליגען—וואס מאכט למך? רופט איהם אהער.

**שפרה:** מען הרג'ט איהם ער זאל אהער נישט געהן, ליגט ער גאנצע טעג ביי זיך מיט אפענע אויגען און קוקט, ווי א האהן אין

בני אדם און ביי אונז איז אלע נאכט שמחה וששון, גאר ווי אין איין טראקטיר, א גוטע בת־מלכה האט אונז גאט צוגעשיקט, אוי רבונו יונה האסטו נאך א סך אזוינע (אב).

**ליזא:** שוין 3 מאנאטע האב איך איהם ניט געזעהן, למך איז דער אייציגער וואס וועט זיך מיט מיר ניט שעמען. עס איז דא נאך איין מענש, ווער עס ווירד מיר פאר־געבען, ווייל ער ליעבט מיך... איך האב איהם פארשטויסען און ער ליעבט מיך דאך, איך פיהר איין שענדליכעס לעבען, און ער שרייבט מיר אז ער וועט שטאלצירען מיט מיר, אוי גאלדשטיין, מיך זא ליעבען איז איינע דומהייט. באלד וועלען מיר אלע פעראכטען און פערדאמען, — יא, איין שענדליכעס לעבען פיהר איך, אבער וואס פיר איין רעכט האבען זיי מיך צו פעראכטען? האבען זיי דען ניט אליין מיך אויף דיעזען וועג געשטאסען? זענען זיי דען בעסער פון מיר? איז דען איין אלטער מאן, וועלכער געהט צו דער חופה מיט איין יונגע כלה בעסער פון מיר? איז דען איינע יונגע פרוי, וועלכע פארקויפט זיך פאר געלד כדת משה וישראל בעסער פון מיר, ווייל זיי טהוען דאס זעלבע ניט פון נויט און הונגער. נאר ווייל זיי ווילען זיך פערגניגען פערשאפען, ווייל זיי טהון דאס אלעס ניט עפפענטליך, נאר אין דער שטיל, ווי גנבים און מערדער?!.. ווער פון אייך איז בעסער פון מיר זאל אויף מירווארפען דעם ערשטען שטיין (אויפטריט למך קומט ארויף ציהענדיג אויף זיך ארעקיל).

**ליזא:** אוי מיין אונגליקליכער ברודער!

**למך:** ליזא! ליזעטשקע!.. דו ביסט אריינע! דו ביסט אונגליקליך! איך זעה און פיהל — און וואו איז ער?

**ליזא:** ווער?

**למך:** וואס האב איך דיר געוואלט זאגען, אוי איך האב שוין פארגעסען — הערסט ליזא, איך בין איצט אליין דא, שמעון איז אוועק פון דאנען, אלכסנדר איז געווארען איין אמת'ר אידיאט און דער מוה־מעס זוהן וועלוועלע איז א גנב. הערסט ליזא, ווען איך ליעג ביי מיר אין אלקער און הער ווי דער טאטע געהט צו די מאמע ציעהט עס מיך, ווי מיט אייזערנע שטריק, אז איך זאל געהען שלאגען דעם טאטען, און זיי שמייסען מיך דערפאר מיט'ן קאנטשיק — זיי מיינען אז איך מאך זיך משוגע, ווי איך בין א יוד, איך מאך מיך נישט, איך בין טאקע משוגע געווארען, און ביינאכט ווייזט זיך מיר אוים אז דו וויינסט, הערסט ליזא... אוי וואס האב איך דיר געוואלט זאגען?.. איך האב ווידער פארגעסען.

**ליזא:** דאך איז ער גליקליכער פון מיר, ער קען פערגעסען אבער איך קען ניט פערגעסען מיין שאנדע, שמאך!

**למך:** דו האסט יסורים ליזא, דיין הארץ טהוט דיר וועה?



**ליזא:** דו ביסט דער אייציגער צו וועמען איך קאן קומען און אויסוויינען מיין ביטער הארץ.

**למך:** נארעלע, וואס קען דיר א אידיאט העלפען? שש... הערסט? זי געהט, איך הער איהרע טריט, קום אוועק, איך וויל ניט דו זאלסט זי זעהען, קום (שלעפט איהר).

**ליזא:** וואס איז מיט דיר? וואס שרעקסטו זיך?.. (ער שלעפט איהר, ביידע אב. אויפטריט וולאדימיר, זעלדע מיט איינקויפע, 2 פלעשער וויין).

**זעלדע:** האסט גאר ניט פארגעסען, אלעס איינגעקויפט?

**וולאדימיר:** (שטעלט אלעס אוועק אויפ'ן טיש). אט די פלאש ראם בעהאלט, פונש וועלען מיר טרינקען שפעטער, די חזירים לאקשען אלעס אוים אויף איינמאל און דערנאך שרייען זיי אז זיי פגר'ן פון דארשט.

**זעלדע:** זעה נאר דו גנב, עס זאל היינט זיין פרעהליך היינט וועט אונז קיינער ניט שטערען, דער אלטער ליעגט דארט און קרענקט נעביך... (צוויקעלק דאס פאפיער). לאמיך נאר זעהן, וואס האסטו דארט נעקויפט. וואס איז דאס?.. טריפה קאלבאס?! ווילסט מיר טרייף מאכען דאס גאנצע געשיר?! דאס וויל איך ניט.

**וולאדימיר:** פרומע יודענע מיינע פאר טריפה'ן קאלבאס האסטו מורא און... הפקר פעטרושקא...

**זעלדע:** וואס האט איינס צום אנדערן, וואס צי גאט איז צו גאט, וואס צו לייט איז צו לייט.

**שמואל:** (קרעכצט הינטער דער ביהנע) זעלדע! זעלדע

**זעלדע:** א דער אלטער וויל עפעס—שפרה! שפרה! געהט נאר זעהט, וואס דער אלטער וויל, (אויפטריט שפרה).

**שפרה:** מאדאם, האט איהר ניט געזעהן דעם קאלאדאטש, איך האב מיר שוין דעם קאפ פארדרעהט זוכענדיג דעם קאלאדאטש.

**וולאדימיר:** קאלאדאטש, וואס איז דאס פאר א מין פרי? וואס פאר א ברכה מאכט מען דעריבער?

**שפרה:** ביי אייך דייטשען רופט מען עס אנדערש און ביי אונז איז דאס א פשוטער קאלאדאטש, דאס איז א געשיר, וואס מען קען מיט איהם ניט נור פלייש האקען, נור אפילו די ביינער ברעכען אויך. (קרום קוקענד אויף זיי ביידע, אב).

**זעלדע:** (וויקעלט אויף דאס פאפיער), וואס איז דאס? קארטען,— זעהסטו, אט דאס איז ביי מיר נאך טריפה'ר, ווי חזיר, איהר וועט זיך היינט באגעהן אהן קארטען.

**וולאדימיר:** מאדאם, לעג אוועק די קארטען, — וואס מיינסטו ס'איז הפקר פעטרושקא.

**זעלדע:** אַז איך זאָג ניין, איז ניין.

**וולאַדימיר:** אַקליינינקייט, אַז זי זאָגט ניין, איז גאָר איין עק פֿון די חאַליעוועס, הכלל גיעב אַהער די קאָרטען.

**זעלדע:** (וואַרפֿט בעז די קאָרטען אויף דער ערד) נאַ, דו שלעכטער מענש!

**וולאַדימיר:** זייט מוחל מאַדאַם און העבט זיי אויף.

**זעלדע:** הייב זיי אַליין אויף.

**וולאַדימיר:** הייב אויף זאָג איך, וואָרום ביי מיר, ווייסט דאָך איזט הפקר פעטרושקאַ...

**זעלדע:** (הייבט אויף) נאַ, אָבער וועסט געדענקען. (עס הערען זיך שטימען) אָ, די חברה קומען, (אויפֿטריט אַלכּסנדר, 4 זשוליקעס).

**אַלע:** אָ זעלדיע! וולאַדימיר! קאַק זדראַוויע (געבען זיך די הענד).

**וולאַדימיר:** נאָ חברה, די טישען זענען געגרייט, די קאָרטען צולייגט, די פלעשער אויפ'ן טיש, לאָמיר זיך זעצען דאַוונען. (גיסט אָן וויין).

**זעלדע:** דו זאָלסט ניט טרינקען, וואָרום אַז דו טרינקסט אַ סך פערטרינקסטו דעם שכל.

**וולאַדימיר:** וויל איך דוקאָ, דיר אויף צו להכעיס, נאַ זדראַוויע גאָספּאָדאַ (מען טרינקט).

**אַלכּסנדר:** גאָספּאָדאַ לאָמיר זיין געזונד, קיינער קען ניט אַראָפּשלינגען, אַזוי ווי איך. און טרינקען אַזוי פֿיעל קען אויך קיינער ניט ווי איך. נעכטען האָב איך אויסגעטרונקען 17 גלעזער ספּירט, טאַקע פֿיינעם ספּירט, ווי איך בין אַ יודיש קינד אָט פֿרעגט וולאַדימיר'ן, ער איז אויך געווען דערביי.

**וולאַדימיר:** איך בין טאַקע געווען דערביי, נאָר דו ביסט ניט געווען, ברודער אַלכּסנדר!.. האָסט נאָך אַפּאָר ליגען, וואַרף אַרויס פֿוג'ס אַרבעל.

**זעלדע:** נאָ זינגט אימיצער לאָז ווערען פֿרעהליך.

**וולאַדימיר:** דאַ זאַפּאַיאָם טשטאָ ניע בודיעט

(נעהמען זיך אַרום טאַנצען, אויפֿטריט שמואל קראַנק מיט אַ שטעקען אין חאַלאַט).

**שמואל:** שאַ! וואָס איז דאָ פֿאַר אַליאַרם? איך בין קראַנק, איך קען ניט אַנטשלאָפֿען ווערען.

**וולאַדימיר:** זייט אייך קראַנק געזונדערהייד. ווער טשעפּעט אייך? און אַז מען קען ניט אַנטשלאָפֿען ווערען דעקט מען זיך איבער מיט אַ קאָלדערע איבער'ן קאָפּ און מען שוויצט.

**אַלכּסנדר:** עס איז שוין פֿאַרביי די צייט, ווען אונזער שטוב



איז געווען ווי אַ גרוב, וואָס קיין לעבעדיגער מענש האָט ניט געוואָלט אַריין געהן, דו האָסט דיין לעבען פֿאַרבראַכט ווי איין קברות מאַן מיט טויטע, און מיר ווילען זיין לעבעדיגע יונגען.

**שמואל:** דו שגאַץ, דו שכּור'ניק, איך נעהם מיין שטעקען..

**זעלדע:** ע, ע! צוהיץ דיך נור ניט, די געסט זענען מיינע געסט און איך ערלויב ניט זיי צו בעליידיגען, וואָס געהט עס דיך אָן, וואָס מיינע געסט טהוען?

**שמואל:** איינלאַדען געסט ווען דער מאַן ליגט קראַנק? זינגען און לאַכען, ווען איך ליעג דאָרט אין דער פֿינסטער און פֿאַרשעלט דעם טאָג וואָס גאָט האָט די וועלט בעשאַפֿען?!

**זעלדע:** וואָס זשע האָסטו געוואָלט איך זאָל זיצען נעבען דיר און קלאָגען אויף מיינע יונגע יאָהרען, אָדער איך זאָל געהן מיט דיר לעבעדיגערהייד אין דער ערד. איך בין נאָך יונג, איך וויל נאָך פֿאַרברענגען אַפּאָר שעה מיט יונגע לייט.

**שמואל:** איך הייס דיך דען קלאָגען און וויינען? פֿאַרקעהרט נאַרעלע איך וויל אויך מיט אייך אַביסעל פֿערברענגען, איך בין נאָר אַרויס אַהער איז מיר שוין פֿיעל בעסער, גיעבט מיר אויך, איך וויל אויך טרינקען אַביסעל.

**וולאַדימיר:** סעניע, טראָג איהם צו אַ גלעזעל בראָנפֿען.

**איינער:** (טראָגט צו) פּיי בראַט! (גיעבט איהם אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע שמואל פֿערקרימט זיך).

**שמואל:** (טרינקט). אַזוי, אַנדערע יונגע לייט מעגען זיך ביי מיר נאָך לערנען ווי פֿרעהליך צו זיין.

**זעלדע:** וואָס דען, איך ווייס דען ניט?

**אַלכּסנדר:** זנאַיטע גאָספּאָדאַ, דאַוואַיטע זאַיגראַיעם אָט זשמורקי.

**זעלדע:** אין בלינדזיקייט? ווער וועט בלינדזען? (וולאַדימיר רופֿט זעלדע, ראָמט זי איין אין אויער, צייגט אָן אויף שמואל). אוי זעהר גוט, אַנג אַלטעטשקער, קום וועל איך דיר פֿאַרבינדען די אויגען וועסטו מיך חאַפּען. (זי וויל איהם פֿאַרבינדען).

**שמואל:** ניט, ניט מיין קעצעלע לאָז אָב

**זעלדע:** נישקשה, נישקשה, וועסטו זיך אונטערהאַלטען, פֿרעהליכער ווערען! פֿאַרבינד איהם די אויגען, אַלע לאַכען, וואַרפֿען איהם. (אויפֿטריט ליזאַ למך).

**איינער:** אָ, פּאַשקאַ איז דאָ פּאַשקאַ! (אומאַרמט ליזאַ),

**למך:** געה אין דער ערד אַריין (גיט איהם אַוואָרף פֿון איהר)

**אַלע:** אָ פּאַשקאַ פּאַשקאַ!

**שמואל:** ווער איז די פּאַשקאַ? בינד מיר נאָר אויף די אויגען, לאָמיך זעהן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַפּאַשקאַ (זעלדע בינדט איהם אויף) ליזאַ! אונזער ליזאַ! וואָס זשע ווייַנסטו? דייַנע געשעפֿטען זעה איך געהן גוט ביסט אַזוי יום טוב'דיג געקלייַדעט.

**למך:** טאַטע, אַ יאָה אַז ליזאַ ווייַנט זעהט זי אוים אַקוראַט ווי די מאַמע ע"ה. טאַטע, דו געדענקסט, אַז דו פֿלעגסט די מאַמע שלאָגען אָבער שעלטען האָט זי אויך אַזוי געוויינט.

**ליזא:** בייַ מיר איז איצט אַלע טאָג יום טוב גראַדע ווי בייַ אייַך. מייַנע געשעפֿטען געהן גראַדע ווי בייַ אייַך, נור איהר שפּיעלט אין בלינדקייט מיט פֿערבונדענע אויגען און איך מיט אָפֿענע... אייַער ציעל איז ערריייכט, איך געפֿין יעצט מיטעל צום לעבען...

**וולאַדימיר:** יאָ מחותן זי פֿערדיענט כשר איהר ברויט (רוימט איהם אין אויער).

**שמואל:** וואָס רעדסטו?!

**וולאַדימיר:** ס'איז הפקר פּעטרושקע

**שמואל:** מייַן טאָכטער אַ בעל-בתיש קינד!..

**ליזא:** איהר קענט רוהיג זייַן איך וועל אייַך אייַער גליק ניט שטערען איהר זענט נאָך אַ יונגערמאַן, איהר אַמיזירט אייַך מיט יונגע-לייַט. איך אָבער האָב שוין מייַן לעבען אָפּגעלעבט, איך באַקלאָג מיך ניט און פֿאָדער פֿון אייַך גאָר ניט, פֿאַר מייַן לייַכטזין וועל איך אַליין בעצאָהלען.

**אלכּסנדר:** אויף דיר ליזאַ, האָב איך מיך ניט גערעכט, פֿאַר וואָס ביסטו צו מיר ניט געקומען (געהט צו צו איהר).

**למך:** (גיעט איהם אַ וואָרף) געה אין דער ערד אַריין! אָהן דיר איז איהר אויך גענוג ביטער.

**שמואל:** שאַנדע! שאַנדע! אַלע האָבען מיך געקענט פֿאַר אַ פֿייַנעם בעל הבית.

**ליזא:** יאָ שאַנדע, אָבער ניט פֿאַר אונז. — אַ שאַנדע פֿאַר די, וועלכע צווינגען אונז צו פֿיהרען זאָ איין לעבען, אַ שאַנדע פֿאַר די וועלכע שטויסען אונז אין דיעזען אָבגרונד, שאַנדע פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, וועלכע פֿאָדערן זאָלכע שרעקליכע אָפּפֿער (למך וויינט) וואָס ווייַנסטו? גליקסעליגסטער מענש פֿון אונז אַלע! דו ווייסט דאָך פֿון קיין שאַנדע.

**זעלדע:** בלייַב דאָ ליזאַ לאָמיר לעבען אין פֿריעדען.

**ליזא:** בלייַבען דאָ אום איהר זאָלט קענען יעדע מינוט מיך דערמאָהנען, וואָס איך בין אַמאָל געווען? דאַנקע!

**שמואל:** אַ שאַנדע אין אונזער משפחה.

**זעלדע:** אייַ, אייַ, וואָס דאָרט טהוט זיך, עס טרעפֿט זיך



אַוועלכע זאַכען הלואי עס זאָל זיך ניט טרעפֿען, האָסט געזעהן אַ אונגליק?

**ליזא:** יאָ, יעצט איז נאָך פֿאַר אייַך קיין אונגליק, דאָס אונ-גליק וועט נאָך קומען, ווען איך וועל פֿאַלען נאָך ניעדריגער. ווען מייַן האַרץ וועט צוריסען ווערען אויף שטיקער, ווען מייַן שאַנדע און שמאַך וועלען פֿאַלען אויף אייַערע קעפּ, ווי שווערע שטיינער. פֿלוך! פֿלוך! (אָב)

**שמואל:** (לויפֿט איהר נאָך) ליזאַ! ליזאַ! (פֿאַלט נעבען טהיר, זעלדע מיט וולאַדימיר הייבען איהם אויף).

**זעלדע:** נו, וואָלט ניט בעסער און געזינטער געווען ליגען רוהיג אין דייַן צימער, ער מיינט מען פֿאַרגינט איהם ניט, וואָס קען מען זיך העלפֿען, אז עס איז נישטאָ קיין כח.

**וולאַדימיר:** אונזער יונגערמאַן מיינט נאָך אַלץ עס איז הפקר פּעטרושקאַ (ביידע פֿיהרען איהם אָב).

**אלכּסנדר:** זי איז געווען אונזער אייַנציגע שוועסטער, אונזער מוטער אונזער פֿרייַנד. מיר זענען אַלע געווען בעל-בתישע קינדער, ווי אַזוי האָט זיך אַלעס איבערגעדרעהט... עך, דאַוואַי וואָדקאַ בראַט...

**זעלדע:** (זעלדע מיט וולאַדימיר'ן קומען צוריק) ש ש.. שרייַט ניט איהר מיינט מייַן הערץ טהוט מיר ניט וועה, אַזאַ יונג קינד... איך מוז אויך מאַכען אַ קנאַק (טרינקט).

**וולאַדימיר:** אָה למך איז אויך דאָ, ער וועט אונז אַמיזירען — דער הייַנטיגער לעקעך און בראַנפֿען איז עפּעס נישט קיין געראָטענער (נעהמט אַ גלאָז על פֿון טיש) למך טרינק בראָנפֿען.

**למך:** בראַנפֿען איז ביטער גיעב מיר ווייַן.

**וולאַדימיר:** גיעט איהם ווייַן — גיעט איהם אַ האַלבע גלאָז בראַנפֿען אַ האַלבע גלאָז ווייַן, מאַכט איהם אַגאָגעל-מאָגעל (עס געשיהט) טרינק, למך!

**למך:** פֿע, עס האָט אַטעם פֿון חזק (שפּייט).

**זעלדע:** אייַ לאָזט איהם צורוה — וועה מיר, איך טאָר גאָר אויף איהם ניט קוקען...

**וולאַדימיר:** נאָ קום אַהער צום טיש למך — מאַכט איהם אַ טרונק

**זעלדע:** (שאָקעלט זיך) וואָס איז מיט מיר? איך בין אַזוי גיך שיכור געוואָרען, אוי עס איז מיר עפּעס...

**וולאַדימיר:** נאָ געה, געה לעג דיך שלאָפֿען (זי לעגט זיך אויפ'ן דיוואַן) נאָ טרינק למך.

**אלכּסנדר:** טרינק למך, אַז מען איז שיכור פֿערגעסט מען אָן אַלעם.

**למך:** אוועק פון מיר אידיאָט, איך האָב דיך פיינט ווי אַ קאָנט־שיק (טרינקט, אלע טרינק ן).

**וולאדימיר:** נון גאָספאָדאַ זינגט און למך וועט טאַנצען (זיי זינגען שטופען למך'ן פין איינעם צום 2־טען ער וויינט).

**למך:** (רייסט זיך ארויס) פאַר וואָס שלאָגט איהר מיך וואָס זענט איהר אָנגעפאַלען אויף מיר, ווי אַ סטאַדע בייזע הינד אויף אַקליינטשיק חזיר'ל, איהר מיינט, אַז מען שלאָגט מיך טהוט מיר ניט וועה?! ביי מיר איז אויך אַזאַ פליישׁ ווי ביי אייך... איהר מיינט, אַז מען לאַכט פון מיר פערדריסט מיך ניט?.. איך האָב אַזעלכע אויגען, אַזאַ נאָז, ווי אַלע. איהר מיינט אַז מען בעליידיגט מיך טהוט מיר ניט וועה דאָס הערץ?— איך עס און שלאָף ווי יעדער מענש. זעהט איך וויין מיט זאָלכע טרעהרען, ווי איהר. וואָס האָט איהר מיר געגעבען צו טרינקען? ווא... (וויינט, מען קלאפט).

**וולאדימיר:** מען קלאַפט שוין צו סליחות, ווער קלאַפט דאָרט? אַז קלאַפען זאָל אייך אין קאָפּ. (למך אָב, מאַכענד מינע, אויפטריט זימאָן מיט קאַמעראַדען).

**זימאן:** וואו איז מיין שוועסטער? (טרייסעלט וולאדימיר) וואו איז מיין שוועסטער?

**וולאדימיר:** עה, הער פראָפעסאָר שאָקעלט ניט, וואָס מיינט איהר ס'איז הפקר...

**זימאן:** וואו איז ליזא? איזט זי פיעליילכט ביים פאָטער?

**וולאדימיר:** געהט זוכט זי (זימאָן אָב) אַט האָסטו דיר גאָט האָט אונז געוואָלט פאַרשטערן די שמחה האָט ער אויף אונז אָנגעשיקט פּרעה'ס מכות, זשאַבעס, סטודענטען און מכות בכורות.

**זימאן:** (קומט צוריק) דאָרט איז זי ניטאָ. קומט קאַמעראַדען, פון אונטער דער ערד מוזען מיר איהר געפינען. אָבער וואָס טהוט איהר דאָ? וואָס איז דאָ פאַר אַ ליאַרם וועהרענד דער ווירטה פאָם הויזע איז זאָ קראַנק.

**אלכסנדר:** (שטאַרק שכור) ניט דיין טאַטענס עסק.

**זימאן:** קאַמעראַדען מיר מוזען צוערשט ריין מאַכען דאָס צימער פון דיעזען שמוץ — פאָרט פאָן היער (די סטודענטען וואַרפען אַרויס די זשוליקעס) נון און איהר! (צו וולאדימיר'ן) מאַרש פון היער (נעהמט איהם אָן ביים קאָלנער).

**וולאדימיר:** עה הער פראָפעסאָר מיך וואַרפט מען ניט איך געה אליין. (אָב)

**זימאן:** און דו לומפּ (וועקט אלכסנדר) פּאַק דיך אַרויס!

**אלכסנדר:** (פערשלאָפען), פּאַסטוי בראַט, איך...



**זימאן:** נעה אין דער ערד אַריין (וואַרפט איהם אַרויס, ער מיט סטודענטען אָב, אויפטריט ש מ ו א ל).

**שמואל:** וואָס איז דאָ געוועזען פאַר אַליאַרם, וואו איז זעלדע? איז זי מיט אימיצען אַוועקגעגאַנגען? ווי אַ דונער האָט מיך דער געדאַנק אַ האַק געטהון אין קאָפּ אַריין.—אָ דאָ איז זי מיין קעצעלע, האָט זיך אָנגעשטיפט און אַנטשלאָפען געוואָרען ווי אַ קינד. וואָס האָט ניט קיין זאָרגען. וואָס טהוט זיך דאָ! אַ חֵל פונים מעבעל, אַ תל פונ'ם אַלעם, איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען אויף וועמעס חשבון פרעסט מען עס אַזוי פיעל, וועה מיר, עס קען זיין אַז דאָס מאַכט מען אַ תכלית פון מיין געלד. אוי דו אַלטער נאַר! וואו איז דיין שכל, דיין פערשטאַנד? וואו איז אַהין געקומען שמואל לייבליך? אַזוי מיאוס, אַזוי נאַריש זיך איבערגעגעבען אין גאַנצען אַ יורענע אין דער האַנד אַריין. איך ווייס דאָך, אַז עס איז געשריבען „והוא ימשול בָּה" ער זאָל הערשען איבער איהר. נור איך קען ניט, איך קען ניט—וויפיעל ווייַן עס איז געבליבען!—וויין גיט צו קראַפט. (טרינקט, די האַנד ציטערט) און דאָ שלאָפט מיין פייגעלע, שלאָפט זיס, געשמאַק.— זעלדע!.. זעלדיטשקע!.. געה שלאָפען איך דיין געלעגער. זעלדעטשקע קעצעלע, געה שלאָפען.—זי הערט ניט. אוי איך זאָל זי קענען אויף מיין האַנד אויפהייבען און זי אַוועקטראָגען, (וויל עס טהון, חאַפּט זיך צוריק) ניין, איך וויל ניט שטערען איהר זיסען שלאָף (דרעהט אַראָב די לאָמפּ, טהוט אויס דער חאַלאַט און דעקט זי צו). שלאָף געזונד, אַ גוטע נאַכט (לאָזט זיך געהן, בלייבט שטעהן). פאַר וואָס איז מיר הײַנט אַזוי שווער פון איהר זיך אָפּצושיידען (וויל צוגעהן) ניין, ניין, גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט! (אָב. אויפטריט ל מ ך אין העמד זעהר אויפגערעגט, קוקט אויף זעלדען זעהר לאַנג, וואַרפט האַסטיג פון איהר דעם מאַנטעל אַראָב).

**זעלדע:** (וואַרפט זיך פון שלאָף) אוי, ווי הייס... (לאָזט אַראָפּ־הענגען די האַנד).

**למך:** עס ברענט, עס קאָכט, עס זיעדט, עס פייערט, עס פלאַמט, אָבער איך וויל ניט לעשען דעם פייער, עס געפעלט מיר, עס איז גוט לאָז ברענען!.. איך בין נאָך קיין מאָל ניט געשטאַנען אַזוי נאָהנט נעבען אַ פרוי (נעהמט אָן איהר האַנד) מיינע נאָר מיינע... אָ דער קאָלאַדאַטש, ער ליעגט ביי מיר אונטער'ן קאָמאָד.

**זעלדע:** (וואַרפט זיך, וויינט פון שלאָף) א. א. א. ...

**למך:** קומט צוריק מיט'ן מעסער, (נעהמט אָן איהר האַנד) ווי ווייס ווי ווייס איהר האַנד איז, אָבער דאָס מעסער איז נאָך ווייסער (פּייזע). אָ! די טהירען! ניין, דו וועסט ניט אַריין קומען... אַליין... אַליין בלייב איך מיט איהר, (פעריגעלט די טהירען) נאָר זי קומט אַלסדינג, איך וויל אויך עס זאָל מיר זיין גוט, (שלעפּט זי אַראָפּ [illegible] שטעהט אויף, דער שלאָף איז געענדיגט, די צייט איז געקומען!

**זעלדע:** (פערשלאָפֿען) אוי מיין לי... אָ דאָס ביסטו למך?

**למך:** יאָ, דאָס בין איך, שטעהט אויף!

**זעלדע:** וואָס שטעהסטו עפּעס דאָ נעבען מיר.

**למך:** איך וויל דיר דערהרג'נען.

**זעלדע:** אָ... וואָס פֿאַר אַשרעקליכער גזלן דו ביסט, פֿאַר וואָס ווילסטו מיך הרג'נען?

**למך:** איך וויל זעהן, ווי דיין וואַרם רויט בלוט וועט פֿליעסען פֿון דיין וואונד, (חאַפּט דעם מעסער) שטעהט אויף!

**זעלדע:** אַי! אַ מעסער? (פּאַקט איהם ביים האַנד), וואָס ווילסטו טהון למך, לאָז מיך.

**למך:** ניין, איך מוז דיך דערהרג'נען, די טהירען זענען פֿער־שלאָסען, קיינער איז ניטאָ, דו וועסט שוין פֿון מיר ניט אַוועקגעהן, מיר וועלען שוין בלייבען אין איינעם.

**זעלדע:** (שרייט) רעטעט! געוואַלד, רעטעט!..

**למך:** (פֿאַרשטאָפּט איהר מויל) שרייט ניט, דאָ דאַרף זיין שטיל אַזוי ווי אין אַ קבר!..

**זעלדע:** (קניענד) לאָז מיך למך... דו ווילסט מיך טייטען... ווייל איך בין געווען שלעכט געגען דיר?.. איך שווער דיר, אַז פֿון היינט אָן וועל איך דיר אָבהיטען, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, איך בעט דיך.

**למך:** מען דאַרף למך'ן ניט בעטען. למך ווייס, וואָס ער דאַרף און וואָס ער מוז טהון.

**זעלדע:** דו ווילסט ראַכע נעהמען פֿאַר דיין פֿאָטער? פֿאַר דיין אונגליקליכע שוועסטער?.. איך שווער ביי גאָט, אַז פֿון היינט אָן וועל איך אייך אָבהיטען, ווי אַ טרייע מוטער...

**למך:** כ'ווייס ניט פֿון ראַכע, איך וויל דיר הרג'נען, ווייל איך וויל זעהן דיין בלוט, וואָס רייצט מיך, וואָס ברענט מיך, וואָס מאַכט מיך משוגע, וואָס צודולט מיר דעם קאָפּ.

**זעלדע:** האָב רחמנות למך אויף מיינע יונגע יאָהרען, איך וועל דיר פֿערטרויען אַ סוד. — איך פֿיהל אונטער מיינעם האַרצען וואַרפֿט זיך איין אונשולדיגעס געשעפּף, ווילסטו 2 נפֿשות ערמאָרדען, למך! פֿאַר וואָס ווילסטו פֿאַרגיסען אונשולדיג בלוט?

**למך:** אַי בלוט! בלוט!.. (וואַרפֿט זיך אויף'ן דיוואַן און שטעכט איהר אַריין דאָס מעסער).

**זעלדע:** אָה! אָה!.. (שטאַרבט).

**למך:** (ווישט אָב אָן העמד די הענד און דאָס בלוט פֿון מעסער), איך האָב התונה געהאַט... עס איז מיר גוט.. אַ שטיין איז מיר אַראָב



פֿון מיין האַרצען. (מען קלאַפּט) אָ זיי געהען אַהער, זיי ווילען איהר ביי מיר צונעהמען, זיי ווילען איהר ווידער אָפּגעבען דעם אַלטען אונגליקליכען טאַטען, ניין, ניין! (חאַפּט איהר אַרום און שלעפּט איהר ביז אין דערמיט פֿון דער ביהנע) זי איז מיינע, זי איז מיינע, מיין כלה... (פֿאָלט מיט'ן מעסער גראָדע ווי ער וויל אימיצען ערשטעכען).

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

---

# פינפטער אקט.

סצענע אויף דער סצענע, קאַפֿע־שאַנטאַן, כאָר, זימאָן, גאָלדשטיין (פֿערקלײדעטע ווירטהין).

**כאָר:** (זינגט... „Наступила на ногу”), איינער אויף דער קליינער סצענע טאַנצט, אויפֿטריט וולאַדימיר, אַלכּסנדר).

**וולאַדימיר:** (צו אַלכּסנדר) אָט דאָ לאָמיר זיך פֿאַרשטעלען פֿאַר איטאַליענער זענגער, אָפּשר וועט מען אונז ערלויבען צו זינגען וועט אַרויס עטליכע קאָפּיקעס.

**אַלכּסנדר:** דו קענסט דען איטאַליעניש?

**וולאַדימיר:** וואָס אַרט דיך ס'וועט שוין אַרויס אַ מין איטאַל־יעניש.— מאַדאַם, מאָיע פּאָטשטעניע! וויר זינד בעריהמטע איטאַליענישע אַרטיסטען, יעצט זענען אונזערע אומשטענדע ניט אַזוי גלענצענדע, ער־לויבט אונז צו זינגען אַ איטאַליענישען דועט, אָפּשר וועלען אייערע געסטע אונז בעפֿרידיגען.

**ווירטהין:** ווען די געסט האָבען נור ניט דאַנגען וואָרום ניכט?!

**וולאַדימיר:** איך דאַנקע! — (צו אַלכּסנדר) הוסט דיך אוים! זינגט):

יאָסאַנא באַסאַ, אַביסעל נאַסאַ, פֿון וואַנען קוואַסא.
אוי, און וואַלגערן זיך אויף דער שטראַסע, אָ די יאָ...

**ביידע:** אָ... דער מאָגען איז ליידיגוניו,
שענקט אַ בולקוניניו אָ.

**אַלכּסנדר:** (געהט צום טישעל וואו גאָלדשטיין, זימאָן זיצען) שענקט עפּיס אָרעמע אַרטיסטען.

**גאָלדשטיין:** פּאַק דיך פֿאָרט, הונקא!

**אַלכּסנדר:** (צו זימאָן) שענקט עפּיס אָרעמע אַרטיסטען.

**זימאָן:** מאַרש, צום טייוועל!

**וולאַדימיר:** (וועלכער איז געווען ביז יעצט ביי אַ אַנדער טישעל):

וואָס? אַזוי בעהאַנדעלט איהר איטאַליענישע אַרטיסטען? (וויל צוגעהן נעהנמער, גאָלדשטיין (ווירטהין) שטעלט זיך אַקעגען).

**ווירטהין:** מאַרש צום טײַפעל, איך ערלויבע ניט מײַנע געסט צו בעליידיגען און בײַ מיר אין הויז סקאַנדאַלען צו מאַכען.

**וולאַדימיר:** יאָ, דראַנג, וואוהין דו קעהרסט זיך געהט דיר שלים שלימזל.

**אַלכּסנדר:** וואָס בין איך שולדיג, ווי איך בין אַ יודיש קינד... לאָז מיר נור צו וועסטו זעהן... (וויל צוגעהן, גאָלדשטיין שטויסט איהם אָב און וואַרפט איהם אַרויס).

פאָרהאַנג פאַלט.

---

פערוואַנדלונג.

צימער בײַ לײבליך, וולאַדימיר אַלכּסנדר.

**וולאַדימיר:** נאָ חאַלאַנדריאַ אין דער ערד ביסטו, דאָס האָסטו שלים־שלימזל, מיר זענען צוגעקומען צום טראַקטיר לאָזט מען אונז גאָר ניט אַרײַן. קום אַ העַר, הער אויס, דאָ מוזען מיר בלײַבען, דאָ אין שטוב איז אונזער גאולה. און ווייסטו בײַ וועם? בײַ שפרה'ן אין בוזעם, (אויפטריט שפרה, הערט זיך אונטער).

**אַלכּסנדר:** פאַר דיר איז עס אָפשר אַ גאולה ניט פאַר מיר.

**וולאַדימיר:** פאַר אונז בײדען. — בײַ שפרה'ן אין בוזעם ליגט אַשמאַטע.

**אַלכּסנדר:** וואָס זשע ווילסטו ווערען אַ פּאַדריאַטשיק פון שמאַטעס?

**וולאַדימיר:** אײַ ביסט אַ דראַנג, אין דער שמאַטע ליגט אַ גאַנצער פּאַק מיט געלד. — אײנס פון די בײדע, אָדער איך שטעל מיט איהר אַ חופה אָדער איך פאָהר איהר מיט דער האַנד גלײַך אין דער גאולה אַרײַן, פערשטעהסטו (שפרה צייגט דעם נאָז, אָב).

**אַלכּסנדר:** אוי ביסטו אַגנב, איך זאָג דיר דו ביסט נאָך געוועזן אַגנב בײַ דײַן מאַמען אין בויך. (פייפט, אויפטריט שפרה מיט אַ שטעקען).

**שפרה:** ווער פײַפט עס? איהר ווילט צונויפרופען אַלע רוחות איהר דאַרמאָיעדניקעס, וויפיעל מען טרײַבט אײַך און איהר קריכט אַלץ אַהער.

**וולאַדימיר:** אוי מוהמע שפרה, עס ציהט מיך צו אײַך ווי צו אַמאַגנעט, טײַערע מומעניו, נעהמט מיך ווי איך געה און שטעה און פיהרט מיך צו דער חופה. איך וועל לויפען ווי אַ הונד, וואָס רײַסט זיך אָפ פון אַ שטריק, פרעגט אַלכּסנדר'ן ער ווייסט אויך.



**אַלכּסנדר:** אמת, ווי איך בין אַ יודיש קינד.

**שפרה:** אַזוי? אַ חופה ווילט איהר שטעלען?! אָט האָב איך אײַך געבראַכט חופה־שטעקענס, נאָט אײַך (שלאָגט מיט'ן שטעקען).

**בײדע:** הערט אויף מוהמע שפרה... (זי שלאָגט זיי, אַלע אָב אויפטריט שמואל מיט אַ ליכט).

**שמואל:** עס איז שוין אַזוי פיעל חדשים אַוועק פון יענער שרעקליכער נאַכט און איך האָב נאָך אַלץ מורא צו געהן אַהער אָהן אַ ליכט. אַזאַ צײַט איז פאַרבײַגעלויפען און איך קען מיך אַלץ ניט בערוהיגען. מיט אַ שרעקליכער וואונד אין האַרצען בלאָנדזע איך אַרום אין די לאַנגע נעכט אַלײן עס איז פוסט, וויסט, פינסטער. דאָ איז מײַן אָרעמע קאַסע, דאָ ניט לאַנג זענען דאָ געלעגען מײַנע טויזענדער, און איצט וואָלט איך געשטאָרבען פאַר הונגער, ווען שפרה זאָל מיך ניט אונטער־שטיצען. וואו איז מײַן געלד? וואו איז מײַן רײַכטהום? ניטאָ, פוסט לעער, נור איהר שיכעלע, איהר טײַערע שיכעלע איז מיר געבליבען (נעהמט אַרויס פון בוזעם אַ שיכעלע, קושט עס). נײַן, נײַן גאָטעניו איך וויל ניט זינדיגען (בעהאַלט עס אין בוזעם צוריק). אָט דאָס תהילים'ל איז מײַן אײנציגער טרײַסט, אײן בלעטעל איז דאָ ניט דאָ, וואָס זאָל ניט זײַן אויסגעווײנט פון מײַנע טרערען, גאַנצע נעכט שעפּטשען מײַנע ליפען דאָס 77 טע קאַפּיטעל און קײן הילף שיקט גאָט ניט. „קולי אל אלהים", איך הײב אויף מײַן שטימע צו גאָט און בעט „ביום צרותי", אין דעם טאָג פון מײַן אונגליק פאַרשטײה איך דיך גאָט. — גאַנצע נעכט גיעסען מײַנע אויגען טרערען און הערען ניט אויף, מײַן זעעלע וויל זיך ניט טרייסטען, און איך דערמאָן מיך גאָטעניו און איך יאָמער. מײַן זעעלע געהט אין מיר אויס „הלעולמים יזנח ד׳", האָט דען גאָט מיך אויף אײביג פערלאַסען, (מורמעלט ווייטער, אויפטריט למך אין שפּיטאַל־קליידער, מאָגער, בלאַס).

**למך:** (קוקט אָן די שטוב). איך בין געקומען אַהײם. ערשט ניט לאַנג האָב איך מיך דערמאָנט, אַז איך האָב אַהײם, האָב איך שוין דאָרט ניט געקענט בלײַבען. זיי האָבען מיך געהיט, האָב איך מיך אַרויסגעגאַנבעט אויפ'ן דאַך, האָב מיך אָנגעחאַפּט אָן דער רינוועה און בין אַראָב געשפּרונגען און בין געקומען אַהײם — יאָ דאָס איז מײַן הײם — אוי וואָס פאַר אַלאַנגער און שרעקליכער חלום דאָס איז געוועזן, וואָסערע שלעכטע חלומות עס האָבען זיך מיך געחלומט, יעצט איז אַלסדינג פאַרבײַ. — טאַטע, וואָס וויינסטו? טאַטע!

**שמואל:** (הײבט אויף דעם קאָפּ שרײַט ערשראָקען). אוי! (למך אויך ערשראָקען לויפט אָן אַזייט). דאָס גאַנצע בילד ווידער פאַר מײַנע אויגען, זי ליגט אַטויטע און שווימט אין איהר בלוט און ער... — אַוועק פון מײַנע אויגען, איך וויל דיך ניט זעהן, איך קען דיך ניט זעהן. (קאָרטשעט זיך צוזאַמען פערשטעקט דעם קאָפּ אין תהילים).

**למך:** טאטע! אוי טאטע! וואס ביסטו געווארען אקליין מענשעלע? (אויפטריט וולאדימיר, אלכסנדר).

**וולאדימיר:** קום אהער, שנעל לעג דיך אויף אלע פיער און אז זי וועט אונז נאכלויפען וועט זי זיך איבערקעהרען און פאלען, וועל איך איהר פארפאהרען גלייך אין בוזעם און וועל ארויסרייסען די שמאטע, זי קומט לעג דיך (געשיעהט אויפטריט שפרה).

**שפרה:** איך וועל אייך געבען אחופה (פאלט איבער אלכסנדר. וולאדימיר רייסט ארוים ביי איהר די שמאטע, אלע דערזעהען למך, שרייען געוואלד, אלכסנדר, וולאדימיר אב, שפרה נעבען שמואל'ן).

**למך:** (אויך ערשראקען) וואס שרייט איהר? וואס שרעקט איהר מיך, וואס מאכט איהר מיך משוגע? ש.. איך הער זיי געהן, אסך מענשען געהן, זיי לויפען מיר נאך, דאס לויפען די מחבלים מיט די ווייסע פארטיכער, וועלכע האבען אייזערנע הענד. זיי ווילען מיך ווידער פיהרען אין דעם גרויסען הויז, וואו לעבעדיגע מענשען געהען אום ווי טויטע, זיי וועלען מיר ווידער שלאגען, זיי וועלען אנטהון אויף מיר איין אייזערנע העמד און מיט זייערע הארטע קניע וועלען זיי מיר דריקען מיין הארץ, אוי טאטע האב רחמנות גיב מיך ניט אב צו זיי, טאטע!.. (אויפטריט ליזא זימאן גאלדשטיין.

**למך:** אוי זימאן. ליזא... (פאלט, אין אהנמאכט).

**זימאן:** איין אונגליק ברודער, וואסער, וואסער! (שפרה ברענגט וואסער, זימאן שפריצט אויף איהם).

**שמואל:** ליזא, מיין קינד!

**ליזא:** אוי פאטער, ווי פערענדערט דו ביסט געווארען, ווי טייער האבען מיר אלע בעצאהלט פאר דעם אירטהום נזר, וואס וואס איך „מיר" איהר האט בעצאהלט איהר זייט שוין קוויט אבער איך? ווי זועל איך געפינען איין רוהיגעס לעבען? ווער וועט מיר יעצט וועלען אין פנים ארייננקוקען?

**גאלדשטיין:** איך! ערלויבט מיך ליזא און איך וועל אייך פיהרען אין איין וויים לאנד. דארט וואו מען זוכט ניט צו וויסען, וואס אין דעם מענשענס פאריגען לעבען איז פארגעקומען. ליזא! איהר האט גענוג בעצאהלט פאר אייער גליק.

**זימאן:** יא, אויף אונז אלע וועט פאלען די שולד. ליזא! אריינע זעעלע בלייבט אימער ריין, ווי דער קערפער זאל ניט זיין בעפלעקט.

**שמואל:** קינד מיינס, איך וועל דארפען דין וחשבון אפגעבען פאר אייך אלע, וועל איך דארפען דין וחשבון אפגעבען דעם וואס איז אויפ'ן הימעל.

**למך:** אוי אויפ'ן הימעל זינגען יעצט טויזענדער מלאכים, פון



הימעל קוקט יעצט די מאמע אויף אונז און וויינט, די גאנצע וועלט קוקט יעצט אויף אונז און וויינט. ליזא שוועסטער מען טאר ניט זיין קיין שלעכטער, עס איז שווער צו לעבען אויף א וועלט. ווי עס זענען דא שלעכטע מענשען מען טאר זיך ניט גרוים האלטען.

**ליזא:** ניין ברודער, איך וועל איך מיך ניט גרוים האלטען, פערצייעט מיר אלע — (צו גאלדשטיין) פערצייעט מיר גוטער מענש, וואס איך האב ניט געוואוסט צושעצען אייער עדלען כאראקטער, (רייכט איהם די האנד. אויפטריט אלכסנדר, וולאדימיר).

**אלכסנדר:** ניין דו וועסט ניט אנטלויפען, קום אריין (שלעפט איהם.

**וולאדימיר:** איך וועל דיר געבען האלב, מאך אשווייג.

**אלכסנדר:** ער האט ערסט ארויסגעריסען פון שפרה'ס בוזעם אשמאטע מיט געלד.

**שפרה:** געלד? אמפה, דאס געלד איז ביי מיר.

**אלכסנדר:** און די שמאטע?

**שפרה:** איז ביי איהם (וולאדימיר צו וויקעלט די שמאטע וואַרפט עס אוועק, אלע לאכען). פריהער האב איך דאס געלד געהיט וויל איך האב געמיינט, אז ר' שמואל נעביך וועט ניט האבען אויף דער עלטער ווי זיין אלטען קאפ אוועקצולעגען, איצט אבער. אז מיר זענען אלע אין איינעם, געהער דאס געלד צו אלעמען (געלד אויפ'ן טיש).

**גאלדשטיין:** יא אלע צוזאמען וועלען מיר לעבען, אלע צוזאמען וועלען מיר אוועק פאהרען און אנפאנגען אנייעס גליקליכעס לעבען.

**זימאן:** הער וואראבייטשיק! קיינער האלט אייך דא ניט, איהר קענט געהן.

**למך:** שמעון, טרייב איהם ניט. ווער איז דאס? — ביי מיר אין קאפ איז איצט אזוי פרעהליך... אוי דאס איז דאך וועלוועלע גנב? וואהין וועט ער געהן ער איז דאך אויך איין אונגליקליכער לאז ער בלייבען דא.

**וולאדימיר:** א ווילדער מענש דאכט זיך און יעדעס ווארט זיינס גיט א צופ ביים הארץ.

**זימאן:** וואס? וואו איז דער ווילדער מענש? דער ווילדער מענש זיצט טיעף בעגראבען ביי יעדען פון אונז, בעטראכט אלע אונזער בענעהמען, אונזער אויפפיהרונג, זיצט ניט ביי יעדען פון אונז א ווילדער מענש? ווען מיר בילדען זיך, ווען דער גייסט ערוואכט אין אונז, ווען אונזער זעעלע הערשט איבער'ן קערפער, דאן שלאפט אין אונז דער ווילדער מענש, אבער פארקעהרט, ווען וויר שטרעבען נור צו מאטריעלע ציעלען, ווען וויר האבען קיינע אידעאלען, ווען אונזער גייסט שלאפט,

דאַן וואַלט אין אונז דער ווילדער מענש, וועלכער צווינגט אונז צו געהן געגען ציוויליזאַציאָן, געגען די געזעצע דער מענשהייט! — ווען ביי אונז אָט דאָ וועט מעהר קיין פלאַץ זיין פאַר דעם ווילדען מענשען, דאַן ווערדען קיינע ווילדע מענשען מעהר עקסיסטירען.

**שמואל:** מיין קינד! מיין עדלעס קינד!

**למך:** אָבער איך שמעון, איך וועל שוין שטאַרבען אַזאַ אונגליקליכער, איך וועל שוין מיין גאַנץ לעבען בלייבען אַ אידיאָט איך וועל שוין קיינמאָל ניט זיין אַזאַ מענש, ווי אַלע. (וויינט) פאַר וואָס קומט עס מיר?

**אלכסנדר:** דו ביזט אונגליקליך?.. הלואי וואָלט איך געזעצען אויף דיין פלאַץ, אָן דיר וועט קיינער ניט פאַרגעסען...

**וולאדימיר:** נאַרעלע, איך האָב אָן דיר ניט פאַרגעסען, מיר וועלען אויך דאָרט געהן, וואָהין אַלע וועלען געהן. מיר וועלען פריוועש אָב עס איז מעגליך פון זשוליקעס צו מאַכען שטיקלעך מענשען, נור איידער מיר וועלען אָנפאַנגען אַנייעס לעבען צו פיהרען מוזען מיר אַרויס וואַרפען די אַלטע שמאַטעס, אָהן אַלטע שמאַטעס! (הויבט אויף שפרה'ס טיכעל) ר' שמואל לעבען, איהר מוזט מיר מוחל זיין, ביי אייך אין בוזעם האָב איך אויך געזעהן אַנ'אַלטע שמאַטע איז עס געלד, קענט איהר עס האַלטען, טאָמער עפּעס אַנדערש גיבט עס אַהער, וועל איך עס אַרויס-וואַרפען (שלעפּט אַרויס פון זיין בוזעם אַ שמאַטע, צוויקעלט עס, דערזעהט איהר שיכעל) איהר שיכעל? אַרויס דערמיט.

**למך:** (דערזעהט אויפ'ן קאָפּ דעם קאַנטשיק) וועלוועלע גנב גיב אַהער, אָט דאָס איז אויך איין אַלטע שמאַטע, וואַרפט עס אַרויס (וולאדימיר נעהמט עס וואַרפט עס אַרויס).

**זימאן:** נו קינדער אַלע צו מיר, אַלע זאָלען וויר יעצט אָנפאַנגען איין נייעס לעבען אָן אַלטע שמאַטעס, הערונטער מיט די אַלטע שמאַטעס! (באַר)

פאַרהאַנג פאַלט





צו געגעבענע ליעדער

**באַר:** (זעה זייטע 11) פרעהליך, פרעהליך, פרעהליך
זינגט מיט גרויס געפיהל
פלעסקעט אויך
שרייט מיט כוח
מזל טוב ר' שמואל.
ווי אַזוי זאָל מען ניט לאַכען
און ניט חוזק מאַכען
דאָס איז אַ שענע פּאָר
שיינע חתן כלה
מיר קענען זאָגען אַלע
אויף זיי ביידע אַזאַ יאָהר, חאַ, חאַ, חאַ.

קוקט אָן ביידע — ער אָן ביידע
גרוי אַזוי ווי אַ וואַלד
זי אַ צרה — די כפּרה
וועט ער ווערען באַלד.
ער וועט זי דערקענען
זי וועט זיך צו איהם נעהמען
ניך אַזוי ווי אַ האָפּ,
ער וועט זיך פרייען
זי וועט איהם אָבדרייען
איה"ש דעם קאָפּ.

## קע קוויאַק.

(זעה זייטע 22)

**וולאדימיר:** זעלדעטשקע די קליינע פערשטעהט שוין אַ נעשעפּט
זי זוכט נאָר די ממתקים און דער נאָך נאָר טרעפּט
זי וויל נאָר גוט אָנפאַרבען אָט דעם אַלטען באָק...
דערנאָך וועט זי שוין טאַנצען אַ פרעהליכען קע קוויאַק.

**אלע:** ווער עס וויל פרייליך זיין אָן אַ שיעור אָן אַ שיעור
ווער עס וויל לעבען, אַזוי ווי מיר, אוי ווער מיר
טרינקט זשע בראָנפען ביער און וויין
וועט איהר שטענדיג לוסטיג זיין.

**אלכסנדר:** איך האָב ניט געוואוסט קיין חיות, כ'האָב ניט געקענט די וועלט.

כ'האב ניט געוואלט קיין אוצרות, כ'האב ניט געוואלט קיין געלד.
ביז דו ביסט געקומען בין איך געווען א באק,
איצט איז מיר לוסטיג פרעהליך און איך טאנץ קע קוויאק.
ווער עס וויל פרעהליך זיין א. ז. וו.

**שפרה:** שמואל דער אלטער תרח, פיהרט זיך זעהר פיין,
די נייע בעל הבית'טע לעגט איהם אין דר'ערד אריין.
זי גנבעט ביי דעם אלטען און בעהאלט אין זאק;
און וועט ער שוין טאנצען נעביך א קע קוויאק
ווער עס וויל פרעהליך זיין א. ז. וו.

**למך:** כ'האב געטרונקען בראנפען, כ'האב געטרונקען ביער.
דער קאפ, דאס הארץ, די ביינער, אלסדינג רוישט אין מיר
איך בין געווארען פרעהליך און שעהן אזוי ווי א טאג
כ'וועל האפען, שפרינגען, טאנצען א גג מגג פיק פאק.
ווער עס וויל פרעהליך זיין א. ז. וו.



# קאטאלאג פון די בעסטע נייע טעאטער שטיקע.

| | | פרייז קאפ' |
|---|---|---|
| אייביגער יוד, אחשור, | ה. הייערמאנס | 7 |
| אייבינע ליעד, | מ. ארנשטיין | 12 |
| אוריאל אקאסטא, | י. לערנער | 25 |
| אחשורוש, | א. גאלדפאדען | 20 |
| אידישער פריץ, | נ. שייקעוויץ | 20 |
| אלגעמיינער סטרייק, | ה. שטיפט | 15 |
| אמעריקאנער ארבייטער | יעקב טער | 10 |
| אשה רעה, | י. לאטיינער | 25 |
| איטשע מאיר צו די וואהלען, | מ. ווידרעוויץ | 6 |
| אסתר'קע, | ה. עפעלבערג | 25 |
| באבע מיט'ן אייניקעל, | א. גאלדפאדען | 20 |
| בית דוד, | מ. הארוויץ | 25 |
| בן הדור, | הורוויץ | 25 |
| בל'מעלע, | י. לאטיינער | 25 |
| בר כוכבא, | א. גאלדפאדען | 25 |
| געבריידער לוריע, | י. גארדין | 25 |
| גאט מענש און טייפעל, | י. גארדין | 30 |
| דאקטאר אלמאסאדא, | א. גאלדפאדען | 20 |
| דארא, | שליפערשטיין | 25 |
| דבורה'לע מיוחסת, | י. גארדין | 20 |
| דוד אין דער וויסטע, | ה. עפעלבערג | 20 |
| דודים פידעלע, | י. לאטיינער | 25 |
| דער קאמפף, | ה. שטיפט | 15 |
| הדסה די חלוצה, | ש. בעקערמאן | 25 |
| הערצעלע מיוחס, | מ. ריכטער | 25 |
| דער ווילנער בעל הבית'ל, | מ. ארנשטיין | 30 |
| ווילדע פרינצעסין, | י. גארדין | 30 |
| דער ווילדער מענש, | י. גארדין | 25 |
| זשידאווקא, | י. לערנער | 25 |
| חאשע די יתומה, | י. גארדין | 30 |
| חינקע און פינקע, | י. לאטיינער | 25 |
| מאטע מאמעס צרות, | ל. געבעל | 20 |
| יהודית און אליפארנוס, | י. לערנער | 20 |
| די יודען, | י. טשיריקאוו | 35 |
| די וועבער, | הויפטמאן | 15 |
| דער הונגער, | ס. יושקעוויטש | 25 |

| | | פרייז קאפ' |
|---|---|---|
| חנוכה, היסטארישע דראמע. | י. לערנער | 25 |
| מאמאן דער געלד-גאט, | י. לאטיינער | 25 |
| קעניג הורדוס, | ד"ר לאנדא | 30 |
| יודישער קעניג ליר, | י. גארדין | 25 |
| די לעצטע חשמונאים, | י. ל. וואהלמאן | 25 |
| דער אינטעליגענט, | פרץ הירשביין | 25 |
| גליקס-פערגעסענע, | ד. פינסקי | 7 |
| כישוף מאכערין (צויבערין). | גאלדפאדען | 25 |
| כל נדרי, | א. שארקאנסקי | 20 |
| לא תחמוד, | א. גאלדפאדען | 25 |
| מירעלע אפרת. | י. גארדין | 30 |
| מליץ יושר (רבי יאזועלמאן). | | 20 |
| מעדעא, | י. גארדין | 20 |
| משיח'ס צייטען, | ש. אש | 35 |
| עקדת יצחק, | א. גאלדפאדען | 25 |
| עתליהו. | מ. הורוויץ | 25 |
| פאמיליע צבי. | ד. פינסקי | 12 |
| צוזייט און צושפרייט, | שלום-עליכם | 20 |
| צווייטער המן. | נ. שייקעוויץ | 25 |
| קאבצענזאן און הונגערמאן, | א. גאלדפאדען | 20 |
| קוני לעמל, | א. גאלדפאדען | 20 |
| רעפעטיציע, | א. רייזען | 7 |
| שולמית, | א. גאלדפאדען | 25 |
| שוועסטער, | י. ל. פרץ | 15 |
| שלום בית, | מ. ריכטער | 25 |
| שלמה גארגעל, | מ. לאטיינער | 25 |
| שמענדריק, | א. גאלדפאדען | 20 |
| שפאנישע אינקוויזיציע. | נ. שייקעוויץ | 20 |
| חפני ופנחס, | א. שארקאנסקי | 25 |
| משה חייט. | מ. ריכטער | 25 |
| שרה שיינדיל, | י. לאטיינער | 25 |
| זשאן און מאדלענא. | א. מירבא | 20 |
| סאפהא, | י. גארדין | 30 |
| גאט פון נקמה. | ש. אש | 50 |
| שמע ישראל. | דימאוו | 25 |
| קרייצער סענאטא. | י. גארדין | 25 |